# פון מחבר

דער ערשטער געניסער פון אַ בוך איז, אפשר, דער שרייבער אַליין. ביז ער באַפרייט זיך פון פאַרטראַכטן, פון אויסגעחלומטן — גליט ער פון אַ כישוף פרייד. ער קען זיך אַליין ניט דערקלערן די אי־בעראַשונג, ווען דאָס נויטיקע וואָרט קומט צופליען, שטעלט זיך אים פאַר דער ראיה, סודות׳ט אים אין אויער: „נעם מיך! באַלעב מיך!“

ער קען זיך אַליין ניט אינטערפּרעטירן דעם פאַרגעניגן פון דער שיכורדיקער וואַרעמקייט וואָס טוט אַ פלייץ איבער זיין צעזונגענער האַרץ, אַז ער לייענט איבער אַ שורה וואָס קלינגט לויטער און ריטמיש און די ווערטער פליגלען.

אָבער אַזוי גיך ווי ער פאַרענדיקט דאָס געשאַפענע, וואָס האָט גענאָגט, געמאָנט — אַזוי באַלד גנבה׳ט זיך אַריין דער צווייפל, דער צעשטערער.

די פרייד פון שאַפן ווערט פאַמעלעך אָפּגעקילט, הויבט זיך אָן אויסזועפּן. ס׳ווערט געבוירן אַ פאַרלאַנג זיך עמיצן פאַרטרויען, פאַר־לייענען, אָבער דער צווייפל דישעט, לעשט: „אפשר, איז אַן איינצלנע מיינונג ניט גענוג? ניט הערלעך?“ ס׳כאַפּט זיך אויף אַ נייע מחשבה: דאָס געשריבענע דרוקן, אַרויסגעבן אין אַ בוך, הערן באַקאַנטע מבינים, זייער עפנטלעכן משפט און דעם דעת הקהל.

און כדי צו פאַרטרייבן דעם אומעט פונם ויתרוצצו: גלויבן און צווייפל — וואָס עגבערן — הויבט אָן דער שרייבער פלאַנירן, פּאַסן וואָרט צו וואָרט פאַר אַ נייער אַרבעט. מיט זיין צוקונפטדיקער שאַפונג וויל ער פאַרשטילן דאָס שטאַרקע קול פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, די מורא פאַר מעגלעכן דורכפאַל.

די נייע שאַפונג, האָפט ער, וועט פאַרגיטיקן אים אַליין און די, וואָס וועלן אים לייענען.

איך אָבער האָף און בעט נאָר — אַז די, צו וועמען, אָט דאָס ערשט בוך מיינס, וועט אָנקומען — זאָלן עס געדולדיק און פאַמעלעך לייענען. די האַרבע מיינונג און אפילו, שטראָף פאַר מיר — וואָס זיי וועלן אין אָנהויב טראַכטן — וועט, אפשר, געמילדערט ווערן דורך אַ בליץ צו־פרידנקייט, דורך מינוטן פון גענוס.

גאָט, גיב מיר ווערטער ליכטיקע, באַטאַנטע
מיט קלאָרן קלאַנג און גרינג ווי פויגל־פלי,
נאָר אויך די ווערטער טונקלע, ניט באַקאַנטע —
באַהעל פאַר מיר מיט וואונדערלעכן גלי;
אַז ס׳זאָל מיין מוטער שפּראַך אַ ריינע פליסן
מיט פינקלדיקן אמת פון מיין צונג:
דאָס וואָרט איז דאָך דאָס קול פון דעם געוויסן,
ווי עכטקייט פון מעטאַל — דער ריינער קלונג;
און דער באַלאָדענער זכרון מיינער
דערמאָנען זאָל מיר נאָר דאָס נויטיק וואָרט
וואָס פּאַסט צום שטערבלעכן צו ריידן, טענהן —
און ווי דער בליץ ס׳זאָל זיין פאַר אים געקלאָרט.
און אַז מיין טרוים וואָס ברעכט זיך דורך די ווערטער
און גרינג אויף מיין מחשבה־פליגל פליט —
פון חלום־נעסט — זאָל ווערן אַ דערהערטער —
פון מענטשן — אין וועמענס האַרץ עס לעבט און בליט
די פרייד פון טרוים — און צו מיין וואָרט דעם שטומען,
(אויך מיר פון שאַפונגסליידן, פריידן קראַנק),
געניגט זיין — הערן מיין מחשבה דממה,
פאַרנעמען פון מיין פשוט וואָרט דעם קלאַנג.
גיב, גאָט, מיר ווערטער ליכטיקע, באַטאַנטע
און דורכזיכטיק ווי טוי קאַיאָר,
נאָר אויך די ווערטער טונקלע, ניט באַקאַנטע
באַהעל — פאַר יעדן זיין פאַרשטענדלעך, קלאָר...

מיין היים! מיין היים! אין רויך און שטויב! ביסט חרוב!!
שוין עבר־בלעטער איז מיין אַנונגס פרייד,
ווען חלום — דער צו׳לעכיסניק, מטורף —
זיין שנעלן פליגל איבער ים ט׳געשפרייט,
אין ווייטן לאַנד געבראַכט מיך אין אַ רגע,
אין שטילן שטעטל גרינג אַראָפּגעלאָזט...
מיט פרייד, מיין וואַכע אַנונג פלעגט זיך רעגן
אין האַרץ מיט היימווײ־בײנקשאַפּט ווי אַ קנאָספּ...
איך טרעף חברים, מיינע גוטע יאַטן —
פאַראייניקטע צו שטיפן, צו געשלעג,
אָט איז מיין זיידע, — דערציילט באַלאַדן
און מעשיות פון געשיכטעס ווייטע טעג.
איך שלום איצי־וואָלף — מיין דרדקי רבי,
קום אין בית מדרש, אין דער גרויסער שול,
(דריי הונדערט יאָר געווין און תפילות אין איר שוועבן)
שטייט שטאָלץ און שטאַרק, אָן אייזן און אָן שטאָל.
ווי ליב איז מיר געווען — וואָס פון זכרון
ז׳קיין זאַך — דורך מרחקס האַנט — ניט אָפּגעווישט
און אַלץ וואָס האָט גערוט אין חללס יאָרן
נאָך ליכטיקער פלעגט ווערן, אָפּגעפרישט.
נאָר איצט — אַן אומגליק האָט אין זיינע שאָטענס
פון גרויסן מאָרד און טויט אַלץ איינגעהילט,
אפילו פאַר מיין חלום איז פאַרשאָטן
דער וועג מיט חורבן, אין טויט דאָרט אַלץ פאַרשטילט...
אָ, יוגנט חלום! וויי ווי איך באַדויער
וואָס ניט פאַרווישט ז׳דיין אַנונג, לעבסט אין מיר, —
די שטראָף פאַר דיך געדיינקען איז — דער טרויער,
נאָר איצטערט ביסט מיר טייערער ווי פריער...

מיין שטיל און אָרים שטעטל ! איינגעשלאָסן
ביזט תפיסה׳דיק געווען אין תחום נאָך תחום :
פון טייכן — אויף דריי זייטן אויסגעגאָסן, —
און שלעכטע גוים ווי אַ קייט אַרום ;
אויך ספּריטנע שיקסלעך, שקצים פּראים —
פון אייביק אָן מיט גרויסע, בייזע הינט
צערייצט געיאָגט זיך ווי נאָך ווילדע ברואים
אַז ס׳איז צו זיי פאַרגיין דאָס אידיש קינד : —
צו זען די גערטנער גרינען פול, געראָטן,
די סעדער ברענען אינם פרילינג בליט, —
אין רחבות, קלאָרער לופט געבאָדן —
די כאַטעס, די פענצטערלעך אין זון, אין פראָסט געגליט.
די פעטע פעלדער ווייט און ברייט צעשפּרייטע —
אין פרילינגס גליען אויף אין פלאַמיק גרין
און זומער אויף די זאַנגען ווי אויף פּלייטן
דער ווינט שפּילט אויס נגונים — דזזזין דזז־י־ן.
דער טיפער וואַלד מיט דעמבעס, אַלטע קליאָנען —
פאַרציט זיך ביזן דערפל „ליסאָוועטץ״
מע מוז די וועגן, שטעגן דאָרטן קאָנען —
כדי ניט בלייבן אין דעם בוימער נעץ.
ניט איינעם האָט פאַרפירט אַ פאַלשער שטעגל,
פאַרלאָקט אַ ווייטער, סודותדיקער קול,
פאַרבלענדט — די צווייגן אָפּגעדאַכט ווי נעגל,
פון שרעק — דער רוף נאָך הילף — פאַרשטומט אין מויל...
שוין נאָר די מעשיות און לעגענדן פילע,
זיין ווייטער שאָטן אויפן שטילן וועג
און אויך די דממה — זיין געהיימע תפילה —
דאָס לייב און בלוט געדראזשעט מיט פאַרכט און שרעק...

אין שטעטל האָט מען מיינע עלטערן געוואָרנט —
אַז כ׳וואַקס אַ לאַידאַק, אַ פּוסטיאַק,
אַז ניט דערלעבן וועל איך זיין באַיאָרנט:
געפינען וועט מען מיינע ביינער אין אַ זאַק.
אַז כ׳האָב ניט מורא פאַר קיין הינט, קיין שומר,
ווער אָפּט צעמזיקט אויף אַ פויערס פּלויט,
אַז קעציש פלינק איך קריך אַרויף אויף בוימער
נאָך רייפע פלוימען, קאַרשן בלוטיק רויט.
דעם ברייטן „ראַסטאַוויץ״ מיט ריינע קלאַפּטערס
אים שווים אַריבער צו דעם צווייטן ברעג,
וואו ס׳האָט דער רייכער גוי „דאַנילע קאַפּטער״
אַ טיפן סאַד, אַ גאָרטן ביזן „סקווערער״ וועג.
און ווערבעס וויינעריגס אַ ווייטע שורה,
ווי טרייע וועכטער אין אַ שטרייגער גלייך,
זיי סודן זיך אין טרויער־רויש ניט קלאָרן,
און שאָטענען אַן אומעט אויפן טייך.
און אַז ניט איינמאָל, צו סכנה רגעס
חברים, שטילע אינגלעך, כ׳האָב דערפירט
אין שיפלעך, אָפּגעגנבה׳ט באַ די ברעגן
פאַרלאָזט פון פישערס, נאָך מיט פיש געשפּירט —
מיט סוד פון נאַכט, מיט קילקייט פונם וואַסער;
פון אויפגעוועקטע כוואַליעס די געפאַר;
מיט שבת קדושה, מיט „מע־טאָר־ניט״ משא, —
נאָר מיט געצונדענעם באַגער און גאַר —
מיר האָבן מיט די כוואַליעס זיך געראַנגלט
ניט איינמאָל — אין ווינט און וויט פון ברעג —
געוויגט זיך לאַנג אַ שיפל, ווי אַ שטאַנגל,
אַ שפּאַן — געווען אַ לאַנגער אַנגסטן וועג.

די שבת שאָטנס שטייען שטיל אין תפילה,
אין קראָמען לאַנג פאַרשוויגן איז די וואָך,
די הענט און די געצייגן מידע, שטילע —
רוהען פון דער אַרבעט, פון פרנסה יאָך.
דער טאַטע איז שוין לאַנג און שטאַרק אַנטשלאָפן
אַ מידער פון דער וואָך, פון טשאָלענט זאַט,
פון מאַמעס האַנט די אַלטע תחינה אָפן
בלייבט איבער מיט אַ פריש פאַרטרערטן בלאַט,
נאָר איך — מיט אומרו אין מיין בלוט דעם יונגן,
מיט בייַנקשאַפט צו דעם זומער פעלד און וואַלד,
האָב מיטן יצר־טוב זיך לאַנג געדונגען,
פון שטוב אַרויס צום שליאַך מיט זון באַשטראַלט.
מיט גיכע טריט פון ווילן אויפגעבונדן,
איך גיי אַ ספריטנער, שעמעוודיק און שטיל,
דאָס לעצטע אידיש הויז ווערט מיר פאַרשוואונדן
און אויך די גרעבלי מיט דער גרויסער מיל.
גאָטס וואונדער־וועלט גן עדנדיק צעשפרייטע,
מיט טיפן, לעבעדיקן גרין באַדעקט,
דאָס רייפן פון פאַרזעצטן און פאַרזייטן —
אַ כישופדיק באַגער אין מיר דערוועקט;
נאָר בייזע הינט אַלץ העכער זיך צעבילן
און שקצים טרייבן די געשרייען „זשיד”!!
דורך פייער, פלאָם פון האַס די שטיינער צילן
און ס׳בלייבן אינם שטויב פאַרמישטע טריט...
פאַרנאַכט בין איך צוריק אַהיים געקומען
מיט יאַגאָדעס פון וואַלד, מיט בליט פון סטעפּ,
און אויפן קאָפּ און הענט מיט קאַמף סמנים,
פון שבת־רעקעל אויסגעצופּט די קנעפּ...

מיט לאַנגען פלייס איך שאַרף מיין טרייען גניפּעק
און שוחטיש כ׳פּרואוו זיין חלפדיקן גלאַט ;
אין אָסיענדיקן וואַסער סומנע, קלעפּיק —
איך שווים אַ שטילער, גרינגער ווי אַבלאַט.
די ווערבעס ווײנען אָסיענדיק, פאַראומערט,
דער סאַד אָן פייגל, אָן בלעטער בוים און קוסט,
דער גאָרטן אָפּגעחלומט און פארשלומערט,
די בייטן אויפגעריסן, געל און פּוסט ;
נאָך כאַפּט זיך אויף אַ קופּער בלעטל, פלאַטערט
פון הוילן צווייג, בלייבט, שלאַף און נאָכגעלאָזט,
די אָסיען זון שיינט טעמפּ, פאַרמאַטערט
און אויף איר שפּעטן גאָלד שוין דאָ דער פראָסט.
דאַנילעס אַלטער הונט איז פויל צו בילן,
ער שמעקט אין לופטן אומעטיק, פאַרטעמפּט,
נאָר ס׳איז ניט פויל געווען דער „האַד דאַנילע" *
זיך יאָגן מיט אַ דראָנג אין האַנט פאַרקלעמט.
כ׳בין גרינג פון ווערבע בוים אַראָפּגעשפּרונגען
אין טייך וואָס האָט מיין קאָפּ באַדעקט ווי אַ דאַך,
דערנאָך געזען דעם דראָנג פון כעס צעשוואונגען —
זיך קוליען אויף דעם מוטנעם וואַסער פלאַך.
אַ פּחד־ים געווען איז יעדע רגע,
אַ טויט שרעק פונם דראָנג — פאַטאַלער זשום,
אַן אָסיען דממה ז׳אויף דעם טייך געלעגן
אין ספק און מיט סודות שוואַנגער, שטום.
נאָר ערב הושענא־רבה — כ׳האָב צו שכנים
געטיילט הושענות (אויך צו פרומע לייט)
פאַר זיך געלאָזט אַ בלעטערדיקע, שיינע —
געשפּיגלט זיך מיט איר אַ לאַנגע צייט...

---

*) (גיהנם, האַד — טייוול)

פון וואַנעט האָסטו זיך צו מיר גענומען
אַזאַ מזיק אייגער, אַזאַ שד ?
אַז גאָר צו זאַכן וואָס דעם איד איז טמא —
דיך ציט עס ווי מיט צוואַנגען, מיט מאַגנעט.
אום שבת שיפלען, שלאָגן זיך מיט שקצים,
פאַרקריכן אינעם וואַלד, פאַרגיין אין פעלד ;
אויף אַלעס האָסטו גלאַטינקע תירוצים
און מיך — די מאַמע — פאַר דיינע שטיק מע שעלט.
גאָט ווייסט מיט וועלכע בושות דו וועסט נאָך פאַרשעמען
דעם גוטען אָנדענק פון מיין געשוועסטער־קינד,
צו וואָס האָב איך געדיינקט גאָר זיינע נעמען —
אַז גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר דער זינד.
איך האָב געמיינט : וועסט זיין אין אים געראָטן,
אַ מתמיד און אַ פאַרכטיקער ווי ער,
(קיין שליטה ניט געהאַט אויף אים דער שטן),
(וואָלט גאָט געוועזן אים שענקען יאָרן מער).
אַ ליכטיקער און גלייך ווי אַ טאָפּאָלי,
דער ליבער שמייכל פון אַ מזג־טוב —
און פאַר אַן איידעם האָט דער עושר „וואָליר"
געוואָלט אים, צוגעזאָגט פון אַל־דאָס־גוטס לרוב.
אַ לערנער און אַן איידעלע נשמה
איז ער געווען, געשם'ט מיט אים די שטאָט,
און־דו, ניט לערנען זיך, ניט זיין קיין פרומער,
דו ווילסט ניט זיין צו לייט און ניט צו גאָט.
דו זאָלסט כאָטש וויסן אידישקייט צו היטן, —
דו שוויגסט און קוקסט מיך אָנעט ווי אַ טאָק *
מיין האַרץ ווי מיט אַ מעסער ווערט געשניטן —
אַז וואָס וועט זיין פון דיר, דו ווירראָדאָק ? * !!

*) טאָק — אַן אָפּגעמאָלטער.
*) ווירראָדאָק — אַן אויסוואורף.

דו וועסט באַ מיר אין סטויפּ אַריין ניט וואַקסן,
אַ פּוסט און פּאַסער ווי אין פעלד דער ווינט,
בא בעלי־עגלות סמאַליוועץ די אַקסן,
פאַרבאַרגן אויפן בוידעם כאַוועץ הינט.
צו „בערקע״ קערזשנער וועל איך דיך פאַרדינגעץ,
וועסט גיין פון דאָרף צו דאָרף, פון גוי צו גוי
און פעלצן נייען ; מיט בערקען און די יונגעץ —
דאָרט עסן טרפות און שלאָפן אויף אַ קוליק שטרוי.
און קיינמאָל וויסן וואו דיין מאָרגן טרעפן
און וואו וועט דיך די מאָרגנדיקע נאַכט, —
אין דאָרף, אין אָפן פעלד — פאַרשלעפּן —
פון שרעק אָן אויג ניט האָבן צוגעמאַכט.
אין גרויסע פרעסט, אין זאַווערוכעס בלינדע
וועסט שלעפּן זיך מיט פולע זעק,
און זומער ס׳פּנים דיר ווי פּריסאַק צינדן
דער דינער אָנגעגליטער שטויב פון וועג.
און כ׳וויל דו זאָלסט געדענקען : ניט די מאַמע
נאָר — איך — רעד צו דיר, נעם זיך עס אין קאָפּ, —
דיין נאַרישקייט, דיין ווילדקייט זאָלסט דיר צאַמען ;
דו ווילסט ניט גיין אין חדר ? גוט, איך נעם דיך אָפּ, —
דער זיידע וועט דיך לערנען — בעסער נאָך פון רבין, —
אַז דו וועסט פאָלגן און זיך לערנען גוט —
צום זייגער מייסטער וועל איך דיך אָפּגעבן,
נאָר זאָלסט ניט חבר זיין מיט מאיר פּלוט...
און אויב דו ווילסט זיך נעמען אַ מלאכה
וואָס דיר געפעלט — איז גיב איך דיר נאָך צייט :
איך וויל ניט שולדיק זיין אין דיין מערכה, —
טאָ ווער אַ וואוילער זון — צו גאָט און לייט...

די נידעריקע נאַכט, פון צווישן ערד און הימל,
פאַרבלויט נאָך אויף דער אָנגעפּראָסטער שויב,
ווען ס׳טוט מיין זיידע — פון האַלב וואַך און דרימל
פאַמעלעך אויפשטיין געבן גאָט אַ לויב;
און מיך — פון יונגן שלאָף — דערוועקט דער זיידע:
„נעם, טו זיך אָן, גיס נעגל־וואַסער אָפּ״
און וואָרט נאָך וואָרט איך זאָג פאַר אים די מודה,
אָן חשק, ניט פון האַרצן נאָר פון קאָפּ...
איך קוק צום בלינדן פענצטער מיט אוזאָרן —
וואָס פלאַמיק, שטילער פראָסט האָט איבער נאַכט
אויף אַלע שויבן — אין אַ סדר קלאָרן —
פון וואַלד, פון זומער פעלד אַרויפגעבראַכט.
אָט איז אַ וואַלד מיט בלעטערדיקע בוימער,
אַ שטילער ברעג, געבויגענער טשערעט,
נאָר ס׳רירט זיך גאָר ניט, אַלץ אין טיפן טרוימען,
פאַרכישופט און פאַרשלאָסן אין סעקרעט.
און ס׳ציט מיך צו דעם שטילן, בלויען דרויסן,
צו זען די שטערן, — נעכטן שאַרף און קלאָר —
פאַרפרי געזאַמעלט — גליהיקע און גרויסע, —
זיי זען זיך לעשן, צאַנקען אין קאַיאָר.
נאָר זיידע באַלד דערלאַנגט דעם שווערן סידור,
(פאַר פערציק יאָר דעם ווילנער דרוק גע׳שם׳ט),
אַ קעלט סקרוכט איבער מיינע וואַרמע גלידער,
אין אינגלשן פאַרדראָס דאָס האַרץ זיך קלעמט.
איך מיש די בלעטער, מיש זיי אומבהוועגט,
(זע דאָ און דאָרט אַ טרער־באַפלעקטן אות),
איך וויים ווי לאַנג מיין שטריינגער זיידע דאַוועגט,
ווי שפּעט ער וועט פאַרהאַלטן מיך אין הויז...

אָן העויות, אויסגעטאָקט די ווערטער,
מיט הערלעכקייט באַטעמט, מיט טראָפּ,
באַפּליגעלט מיט כונה אויסגעקלאָרטער —
פון זיידנס ליפּן שוועבן גרינג אַראָפּ.
און ס׳האָרכט זיך איין צו אים פרימאָרגן דממה
ווי אַ בראשיתדיקער סוד פאַרטראַכט,
און תפילהדיק די שאָטנס קרומע
שטייען אומבאַוועגלעך אין אַ וואכט.
ס׳איז האַרציק זיין געבעט, אין קול אַ ציטער,
אַמאָל אויך איינגעהאַלטענער געוויין,
(צו שטאָלץ געווען, פון טרערן פלעגט זיך היטן;
אַ שטילער אויף אַ רגע בלייבט ער שטיין,
הויבט ווידער אָן מיט זיפצן טיפע —
פון ניט דערציילטן טרוים, — באַגערן, שפּראַך,
אין ווערטער גליהיקע, מיט סוד געשליפן;
דאָס גוטע, אָנגעגעליטע האַרץ ווערט וואַך.
און יעדער וואָרט, און יעדעס אות מיט תפילה
ער זאָגט אין רייפער פאָרכט געווענדט צו גאָט;
דעם רויש פון טרוים און זיינעליידן שטילן,
אין הערלעכן געבעט אויף בוראס גנאד.
די שפּיגל טיפע אויגן אויפגעשטראַלטע,
די באָרד ווי שקיעה־פלאַם פון קלאָרן רוים, —
מיר דאַכט זיך אָפּ: אַ ל״ו באַהאַלטן
אין טלית — אַלט, פאַרגעלט פון זוים ביז זוים.
און ווען די נאַכט ווערט פאַרן טאָג צעפלויגן —
ווערט זיידע שטיל, — צו מזרח זייט זיך שטעלט,
פאַמעלעכן פאַרמאַכט די קלאָרע אויגן,
אין דממה — אָפּגעזונדערט פון דער וועלט...

עס ווערט מיר שווער דאָס דאַווענען, דער סידור,
די אומעטיקע תפילות — יאָמער שפּרוך,
אַז דורכן פענצטער איך דערזע ווי ס׳נידערט
אַ שטילער שניי און הויפּט זיך אָן ווי פּוך.
אויף אַלץ פאַרשפּרייט ער זיך מיט ווייסער דממה:
אויף הויכן קלויסטער און זעמליאַנקע דאַך;
פאַרטיפט און שטילע אין אַ טרוים אַ פרומען
שטייט יעדער הויז, דער מאַרק, דער בלאַנקער שליאַך.
איך ווייס: פיל גולם׳עס און שניי־סאָלדאַטן
מע וועט היינט מאַכן: אויגן שטיקלעך קויל,
פאַר ביקסן — בעזעם־שטעקנס גלייכע, גלאַטע
און שוועבעלעך פאַר ציינער אינם מויל;
און נאָכדעם, אין מלחמה, זיי צושיסן
מיט גרויסע קוילן איינגעשטייפטן שניי,
און שפּעטער צווישן זיך אַ פרידן שליסן,
דאָס שפּיל פאַרענדיקן מיט זיג געשריי.
אַז כ׳ווייס דער פראָסט האָט שוין פאַרשליפערט
פון ברעג צו ברעג דעם וויטן „ראַסטאַוויץ״
שערענגעס אינגלעך אויפן אייז געשליפענס
ווי פויגל יאָגן אינם שנעלן גליטש;
אַז ס׳וואַרט אויף מיר מיין חבר מיטן שליטל
מיר זאָלן גיין צו „יאַנקעל קאַטשקעס״ באַרג,
שוין אָנגעטאָן אין אייז ווי אין אַ קיטל —
(פון וואַסערן וואָס שכנות האָבן ניט געקאַרגט).
נאָר שטריינגער זיידע האַלט מיך ווי געפאַנגען,
מיט קלוגן בליק, מיט ווערטער אנגעטאָנט,
דאָס דאַווענען אין הויכע, קלאָרע קלאַנגען
מיט האַרציקייט און ניגון — באַ מיר געמאָנט.

דער פראָסט, דער בלענד פון פרישן שניי מיך שיכורט
מיט פליגלדיקער שטילקייט און מיט פּאָרכט,
אַז פון מיין האַרץ און פון מיין בלוט דאָס טיקען,
מיין טיף און שטילן טראַכטן קלאָר איך האָרך.
פון ליכטיקן ווינטער הימל — דממה בלויע,
געקלאָרט אין ווייטן חלום-האָריזאָנט,
אַ שטיל און גרינגע סודותט מיר אין אויער —
מיט פרייד און פּאָרכט פון וואונדער אנגעטאנט.
פון צייט צו צייט אַ ווינטל זיך צעפּעכערט,
ווי אויסצוגלעטן ווייסע, ווייטע בעט
און נאָכדעם פליסט זיך העכער, העכער,
די תפילהדיקע ביימער טוט אַ גלעט —
און ווי דער גלאַטער, שאַרף פון אָדלער פליגל,
מיט ווייכן סוד־געפליסטער ווייטער שוועבט,
אין קלאָרן מרחק, דורכזיכטיקן שפּיגל,
וואו אַלץ איז אין אַ וואונדער סוד פאַרוועבט.
מיין דורשטיק אויג ווערט אָפן, קלאָר די ראיה,
מיין יונגער רעיון אויפגעליכטיקט, וואַך —
פאַרשיכורט, סודותדיק עס נעמט מיך ציהען —
צום סוף פון — פראָסט געשמיטן־טייך ;
און צו די ביימער מיט די שטאַרקע צווייגן —
אין ווייסן פלאַם ווי אין אַ דינעם טיול,
אין טיפער פּאָרכט, אין שבתדיקן שווייגן
אָט ווי דער הענג־לאָמפּ אין אונזער ווייסער שול —
צום ברייטן, ווייטן סטעפּ אין גרינגען שלומער, —
פאַרוויגט פון זאַטן דאָרפס געזאַנג ווי טוי,
וואָס שוואַנגערט שוין מיט שפע פאַרן זומער —
מיט גאָלדיק, זאַפטיק קאָרן פאַרן גוי.

מיט קאָרן ברויט, מיט מילך און האָניק זאַטע,
מיט גאָרטנוואַרג און ווינטער פרוכט פאַרגרייט,
די גוים רוהען שוין אין וואַרמע כאַטעס
מיט הויכע, סקאָסע דעכער פריש פאַרשנייט.
אין ברייטע שטאַלן דרימלען שאָף און רינדער —
די פעלן גלאַנציק, אָנגעפויקט און פעט,
און ס'שטייען זעק מיט פיטער אויפן ווינטער, —
אין הויפן סטויגן שטרוי באַהייצונג ביזקל שפּעט. —
פון אַלץ — פאַרשיכורט זאַטע פרייד פון שפע,
פאַרשמעקט מיט זומער רעגן, זאַפט פון טל
אויף גאָב פון מוטער ערד וואָס האָט איר ברוסט צועפנט,
געלאָזן נעמען פון איר חיות קוואַל.
די גאַנצע זומער מי טוט שטיל שוין ליגן
אין קאַלטער שויס פון ווינטער רו,
פאַרשנייט, פאַרשלעפערט אַלע שליאַכן, וועגן
און ס'רוט דער שווערער אַקער, ס'פערד, די קו.
עס הוליט שוין דער דרום־ווינט, דער ברומער,
מיט זיין געהיימען שניידנדיקן וואָי ;
אַ רואיקער אין טראַכטענישן פרומע
ליגט אויפן וואַרמען אויוון שטיל דער גוי.
און אין די ווינטער אָוונטן די לאַנגע —
די גויע, ריינעם פלאַקס אין פאָדעם שפינט,
דער זשום פון שפינדל — ווי געפאַנגען
ס'וואָלט געוויינט אַ ניגון צי דער ווינט.
נאָר זונטיקס, חגאות — אויסגעשטאַט די שפאַנען —
די גוים — מיט אויסגערוטע, ברענענדיקע פערד
אין פולע שליטענס און לאַנגע קאַראַוואַנען —
אין שטעטל פירן שפע פון דער ערד...

אָן מוט דער בליק, מיט פייער־פּיין פון שמאַכטן,
פון נעכטנס מאָגערע, מיט מאָרגן זאָרג,
די אידן און די ווייבער מיט גאַר באַטראַכטן
וואָס גוים האָבן אָנגעבראַכט אויף טאָרג.
ווי ווייסע פּילקעס, קוישן פרישע אייער,
דאָס אויג פאַרבלענדן ווי דער קלאָרער שניי;
מיט פרישער רויטקייט פלאַמלט זיך אַ מער
און טרוקן, גאָלדיק־געל די קוליקעס שטרוי.
די אידן טענהן, דינגען זיך מיט גוים,
ווער פאַר אַ קלומיק קאָרן אָדער ווייץ, —
אַ פּרוטה רוח וויל דער לאַנגער פּרוים —
אויף ברויט, פאַרשטילן דאָס געשריי — דער נויטס.
אַ איד דינגט וועלכאָווע האָלץ אַ בינטל,
דער ווינטער ווינט, דער פראָסט איז אויף מאַרשרוט,
פון קעלט איז בלוי ווי מילך זיין היבש געזינדל,
קיין אָקריפּ צו דערוואַרימען דאָס בלוט.
די ליפּן שטייף אין טונקלער מעלאַנכאָלי
און ס׳רייסט זיך פונם האַרצן יעדער טיק
צו ווערן לשון, שעלטן אידנס דאָלי,
נאָר פון דער צונג זינקט אַלץ אַראָפּ צוריק.
די הונגער סלינע פלאַמיק ברענט דעם גומען,
דאָס האַרץ ברענט פון פאַראטענעם באַגער;
די טרייסט אַז ס׳וועלן גוטע צייטן קומען
צעפלאַקערט די מרידה און מאַכט שווער
דאָס אייביק וואַרטן, די פאַרלאַנגען שטילן,
מיט קלאַפּן אָן דער צוקונפטס טויבער טיר,
מיט נעכטיקער דעראינערונג און ווילן —
צעטראָטן, פלאַטערן ווי אָלט שפּאַליר.

געמאַטערט אין פאַרחלושט שווייגן —
ווי פון אַ נייעם גזר־פאַראומערט, מיד ;
מיין אָרים שטעטל איז אין הוילן דאגהן :
דער גוי ז׳אַוועק אין פעלד צום תבואה שניט.
איז דאַרער, העכער ווערט דער לאַנגער גאָדעל,
מיט דלות־שטויב באַלייגט זיין שניידער מאָס,
אין לאַץ פאַרטונקלט איז די פלינקע נאָדל,
דאָס פרעסל אָפן ווי אַ קאַליער שלאָס.
דער שניידער טיש אין אומעטיקן זויבער,
פאַרביינקט — נאָך שער און אייזן, ס׳כישוף־קרייד,
דאָס אומעטיק געזעלן־ליד, דעם צויבער
באַשאַפן קליידער פון באַנוואל ווי פון זייד.
און באַ דעם „וויזעלע״ באַ משה יונהן —
אין רו פאַרטעמפּט די גלאַנציק, שאַרפע האַק,
די זעגלעך, הובליעס אין סטרוזשקעס ברוינע, —
אין פענדל איז צעפלאָצט דער שפּיגל לאַק.
פאַרשטילטע אַלע עגבערס, טרייע דלאָטעס,
שוין לאַנג ניט אָנגערירטע פון דער האַנט
וואָס דאַרף מיט זיי פאַרדינען ברויט און אַ קאַפּאָטע,
אין האָלץ־סקלאַד האָבן קאָנטע, זיין קוראַנט.
און ניט פאַרטאָג נאָר צו דעם לעצטן מנין,
אַ חסידותדיקער גאָדעל גייט אין קלויז,
דאָס שמועסן פון לערנער טיפט זיין דמיון,
נאָר גראַמער מאַכט זיך נויט באַ אים אין הויז.
מיט אידן, שטילע שאָטנס אין קאָפּאָטעס —
שטייט משה יונה, אַ פאַרטיפטער קוקט
צום הימל און פרעגט באַם „זעער״ נאָטע :
„ווי ווייט איז זומער פונם אָסיען אָפּגערוקט ?״

די שפּעטע פייערלעך ווי רויטע טרויבן
צום דרויסן. (פון נאַכט און נעבל בלינד)
אין מידקייט בלינצלען דורך די פייכטע שויבן
פון אַלטע שטיבער —— מיד פון רעגנס, ווינט.
דאָס טוען בעל־מלאכות בלינדן זיך די אויגן
באַ לאָמפּן, אין ראַנגלעניש מיט מי און נאַכט,
פון שלאָף ווערט משאדיק דער גוף געבויגן,
נאָר גויט און יאָך — די מידע הענט האַלט וואַך.
דער אָקס — דער דולדער — רוט פון שווערן זומער,
דער אָסיען ט׳אים באַפרייט פון זיין יאַרמאָ,
אין רו ער מעלה־גרהט לאַנג דער שטומער,
און זאָרגט ניט פאַר דער מאָרגנדיקער שעה.
נאָר ס׳שניידערל באַם ציען נאָדל פאָדעם —
די האַנט אין לופטן פאַכט באַ יעדן צי —
אָט ווי אַ מידער פויגל אינם לעצטן אָטעם
וואָלט פּרואוון, מיט איין פליגל, טון אַ פלי.
דער שניידער ציטערט ס׳מלבוש זאָל געראָטן,
מיט וויפל זאָרג און שרעק ער נייט די נעט.
דער זומער איז געוועזן דעם הונגערס שאָטן,
דער אָסיען אויפן ווינטער בריינגט קיין זעט.
דער סטאָליער — טיפער שלאָגט אַריין דאָס אייזן
אין הובעל, שיפּעלט אויף דער רויער ברעט,
ווי שטיקלעך רויך די סטרוזשקעס אויסגעקרייזלט
און אָנגעהויפטע שאָרכן: „שוין שפּעט! שוין שפּעט!“
נאָר אָסיען לויפט אַוועק ווי דורך אַ טויער,
דער ווייסער וואָלף באַלייגט זיך פאַר דער טיר;
ס׳מוז פאַרטיק זיין דאָס פּעלצל פאַרן פויער,
די נייע טיר און פענצטער פאַרן גביר.

אַ שווער פאַרטראַכטער זיצט מיין שטרייִנגער זיידע,
זיין רעיון וואָלקנדיק, ניט אויפגעוועקט
און ווי אַ ווייטאָק פון די אינגעווייִדען,
מיט שאָטנס פיין דאָס פּנים זיינס באַדעקט.
„איר זענט שוין, אפשר, הונגעריק צום עסן?“
באַשיידן, טאָכטעריש מיין מאַמע פרעגט,
(מיר זענען אין זיין אַלטער הויז געזעסן, —
פון פּראַצי ערלעכער זיין גאַנץ פאַרמעג).
נאָר זיידע קוקט מיט שטילקייט פון אַ טויבן,
מיט בליציק, קראַנקע בליקן, שוועבל געל;
מיט אַלע לעצטע כּוחות געמט זיך הויבן,
דער שוואכקייט־ווינט צעוואַקלט זיין געשטעל.
פאַרטונקלט שטילקייט אויף זיין הדרת־פּנים —
וואָס האָט מיט ערלעכקייט און מוט געשיינט;
באַ יעדן דרך־ארץ, חן געפונען;
ווי טוי געוועזן זיין גוטסקייט צו אַ פריינט.
געפאַלן פאַר זיין בליק — צוויאַק און שלעכטער,
נאָר רואיק ווי דער אמת צו דעם אָרימאַן
און יתום — פאַר זיי געוועזן אַ בראַווער וועכטער, —
ניט מיד געוואָרן גיין אין צדקה־שפּאַן.
„אויף צו להכעיס דעם מלאך המות
איך גיי זיך וואַשן, גרייט מיר שיין צום טיש“
נאָר אין שאו־ידיכם געמאַכט אַ טעות,
אַן טעם געקייעט לאַנג דעם מוציא־קריש.
צו זיין געלעגער קוים אַליין געטראָפן,
(מיין טאַטנס אויגן פאַרנעבלט ט׳נאכגעוואַכט),
אַן „עין יעקב“ און אַ „קריאת־שמע“ שלאָפן
געלייגט זיך יענעם מיטוואָך אויפדערנאַכט.

אין גרויסן אויוון פלאַקערט העל די קאָרע
און ס׳ראַנגלט שיין פון פלאַם מיט שוואַרצער נאַכט,
וואָס האָט זיך ווי אַ בער אין נאָרע,
צעלייגט אין הויז און שאָטנט סוד, פאַרדאַכט.
מיט שבת־פאַרכט מיין מאַמע טוט חלה נעמען —
פון טייגעכטס, ווי אַ קישן, אויפגעיערט,
קנייפּט אָפּ אַ טייגל, זשמורעט פרום די ברעמען,
די ברכה שעפּטשעט לאַנג און שטיל פאַרקלערט.
און נאָכדעם קליינע טייגלעך טוט זי שניידן,
נאָך יעדן שניט — אַ פייגל־פּישטש זיך הערט,
ווי עמיץ וואָלט אַ שטעכיק וויטאָק ליידן, —
דאָס טייגעכטס קלענער, קלענער, פלאַכער ווערט.
און פלינק מיין מאַמע ראָלט די טייגלעך,
זי בייגעלט זיי, זי פלעכט זיי אין אין צעפּ
און ס׳וואַקסן שבת־חלות, ווייסע פייגל
אויפן לאָקשן ברעט — דער ווייסער סטעפּ.
פון קיך אין שטוב, פון שטוב אין קיך פאַרהאַוועט
זי איילט, פאַראַרבעט ווי מיט צען פּאָר הענט,
זי האָט זיך מיט אַזוי פיל זאַכן ספּראַווען,
נאָך איידער ס׳ווערט דער אויוון אָנגעברענט.
נאָר פלוצים בלייך, די הענט אין שרעק פאַרבראָכן,
פון מידן שלאָף מיין טאַטן זי דערוועקט:
„גיי, זע נאָר . . . רוף אַריין אַ שכן . . .
סאיז ניט זיין טבע ליגן אָפּגעדעקט.“
די יאַרמולקע אַריבער זיינע אויגן,
דאָס פּנים איינגעטוליעט אין דער וואַנט —
מיין זיידע איז געלעגן אויסגעצויגן
ווי ער וואָלט עפּעס ווייטס געאַנט.

פון איבער זיידנס בעט אַ דממה הויערט,
צו אייביקייט זיך טראָגט אַ שווערער סוד;
אַ שאַרפער שאָטן פון געהיימען לויער
שוועבט אָפּ, פאַרשווינדט ווי פאַר אַ שטריינג געבאָט.
באַלד פינקען ליכט די לאַנגע נאַכט צעררייסן,
זיי קומען און פאַרגייען צייל נאָך צייל,
צי האָבן דאָס מיין זיידנס גוטע מעשים —
צו משפט שטעלן זיך פאַר גאָט געאיילט ?!
אָ, וויפל וועלטן וואָלטן אים פאַרגיטן ?!
אין שווייס ער האָט זיין אָרים ברויט פאַרדינט,
פאַר רעכט און יושר איינגעשטעלט, געליטן —
אָן שכר — ביט זוכנדיק פאַר זיך געווינסט
פון יענעמס גליק צי אומגליק — חס חלילה!
באַנוגענט מיט זיין ערלעך, שווערער מי
וואָס איז אויף אים פון מזלס שלעכטן ווילן
געפאַלן אין יתומהשאַפט — פאַרפרי.
ווי האַרבסט פון בוים צעפאַלן טויטע בלעטער, —
געבליבן ליגן זיינע שווערע טעג,
זיין לעבן שטיל, ווי אין אַ טויטן וועטער —
אין ים די כוואַליעס רואיק פון געיעג.
מיין טאַטע לייגט צום זיידן׳ס שטומע ליפּן
אַ ווייסן פעדערל, פאַרקלערט ער וואַרט
און מאַנצבילש — פאַרשטיקט אין זיך דאָס כליפּן,
בלייבט שטיין אַ וויייל פאַרלאָרן, אָפּגענאַרט.
פון בעט ער טרעט צוריק אין שטומער שפּאַנונג
מיט שטילקייט פונם פאַלנדיקן שניי
און שפּרייזט אַרומעט אין אַ נעבל אַנונג
וואָס רעדט צו אים פון נאָנטע לעבנס צוויי.

אַ שטילער פּאַרעט זיך שוין שלמה שמש —
(צו מענטשן פרעמד, נאָר היימיש מיט אַ מת),
שליסט אָפּ דעם בר־מינן אין דלד אמות,
צווישן ליכט צעשטעלטע אין אַ ח׳.
ער מאַכט אים צו די קאַלט, פאַרגלאָזטע אויגן
מיט ווייט און טונקלער טיפקייט פון אין־סוף,
די שטייפע הענט און פיס שוין אויסגעצויגן,
ער דעקט אים איבער פאַרן לאַנגן שלאָף...
צינדט אָן די ליכט, די פלעמעלעך זיך וויגן
ווי דאַווענער און רייסן זיך פון קנויט
צום מת, מיט אים אין חלום־שטילקייט ליגן,
דערציילן וואָס בחי ז׳אים ניט געטרויט.
די שטוב ווערט פול מיט מענטשן, מע ווײנט ניט, שבחים
מיט צער עס טויכן אויף פון דאָ און דאָרט:
„די גוטע מעשים, דאָס עשירות נאָך־אים,
אַן אָרימאַן, נאָר גאָלד צוגלייך זיין וואָרט“.
צי ס׳איז געווען דער בליץ פון זיין מחשבה,
די עכאָ פון זיין קלענסטער, גוטער טאַט, —
ס׳האָט יעדערער געוואוסט: דער מלאך־המות —
האָט צווישן זיי פאַרשטומט דעם אביונס צד.
עס קומט אַריין אַ גוי פאַרשנייט די ברעמען
און אָנגעפּעלצט, בלייבט שטיין אין טפשות שרעק,
האָט מורא פון מיין טאַטנס האַנט צו נעמען
דאָס ווייס פּאַפּירל מיטן שוואַרצן פלעק.
צום ערל׳ס אויער בויגט זיך איין מיין טאַטע,
די נעמען זאָגט אים איבער — שטאַרק און קלאָר:
„ראמאנאָווקע“ „אַרעל“ — און תמעוואַטע
דער גוי פאַרשווינדט, דער שניי דעקט צו זיין שפור...

און איידער ס׳ווערט דער ווינטער טאָג פון מערב
פאַרשאָטענט — ליידיק בלייבט די שטוב, פאַרלאָזט,
נאָר אויף דער ערד זיך שליינגלען ריקעס טהרה
און ס׳שוועבן דינע וואָלקנדלעך פון פראָסט.
די אומעטיקע ליכט שוין אויסגעטריפטע,
אַ טראָפּן אויף אַ טראָפּן אָנגעיאָגט,
די לייכטער שאָטנדיק פון צער באַטריבטע,
ווי וויינערינס — דעם כוח אויסגעקלאָגט.
דער שאַרפער ווינט פון זיך אַליין פאַרשריגן,
דער פרישער שניי אין ווייסן פלאַם פאַרגליט
און פראַכטיק איז דער דרויסן, שטיל די וועגן,
אַז ס׳הערט לויה אירע קרוכקע טריט;
דעם „צדקה תציל ממות״ וואָס משה דער בלינדער —
שוין יאָרן — שרייט איבערן גאַס און מאַרק;
פיל צענדליקער דערוואַקסענע אויך קינדער —
מיטן איינעם אויג באַגלייט אַראָפּ אַ באַרג...
מיט פראָסט־הוך שטייגען פּסוקים תהילים,
נאָר יעדער וואָרט צעפּאַלט זיך אות פון אות
און שוועבט אַדורך דער ווייסער פייער־טבילה
אין נייע ווערטער ערגעצין אַרויס.
דאָס בית החיים ווייס און ווייט, אַז קוים דערקענען,
אין גליהיק שווייגן ווייטע בערגלעך שניי,
אין ווייסן פלאַם, ווי ס׳וואָלטן דאָרטן ברענען
געהיימע זינד, צי מצוות, אונטער זיי.
און אָט — צעשוואָרצט אַ בערגל הרודעס,
די פלאַמנדיקע ווייסקייט איז פאַרפלעקט,
אַ נייעם תושב — פונם בלינדן בלודן,
די ערד און אייביק־שלאָף האָט צוגעדעקט.

**דער** קורצער ווינטער טאָג ווערט פרי פאַרלאָשן
פון די מכשפים ליכט און שאָטן. ס׳גרויט
אויף אומעטיקע שויבן פון בתי־מדרשים,
דערנאָך אין לאַנגען ווינטער אָוונט — בלויט.
נאָך מעריב, אין בית־המדרש. דער באַלעמער
מיט אָוונט־שאָטנס, פאַרכטיקייט — פאַרשפּרייט;
פון ווינקלען ניגונט שטיל, ווי ס׳וואָלט דער דעמער
מיט עמיצן געסודודותט זיך אָן רייד,
צי גאָר די טיפע קרעכץ און זיפצן תפילות
אַליין זיך פאַרן בורא ווידערהאָלט: —
„ס׳געבעט אויף גוטן מזל און מחילות,
אין הימל זיצן אויף אַ שטול פון גאָלד״.
דאָס האָבן אבא סופר, לייב דער דיין —
פאַרטיפט בא גמרות און טונקלע חלב־ליכט —
געברומט אַזוי, געניגונט מיט אבאיהן,
אַ נייעם פשט געפונען אומגעריכט!
ר׳ מאָטל טייטשט די שווערע, האַרבע פסוקים
און ווי פון ספר, בלינדערהייט זאָגט פשט,
ארום אים אַלע — מיט די אָקסלען צוקן
און גאַפן ווי ער לערנט מינסטסטן פּרט.
ס׳קומט בערל קיבהס מיט אַ שווערע פלוגתא,
ר׳ מאָטל קנייטשט דעם שטערן אַ מינוט,
און גאַנצע פרטים אויסנווייניק זאָגט ער,
אין אַלע פירושים מאַכט ער אַ מאַרשרוט.
פאַרחידושט אַלע לויבן זיין זכרון
און זיין געדולד (ווערט קיינמאָל ניט אין כעס),
אין זיינע זעעוודיקע עלוי יאָרן
געווען אַ בקי אינם גאַנצן ש״ס.

ר׳ מאָטלען וואָרנט דער גוטער דאָקטער:
„לאָזט אָפּ די ספרים, אָדער איר ווערט בלינד״.
רב מאָטל עקשנט זיך און נאָכדעם זאָגט ער:
צו וואָס זשע לעבן? ווי אַ שטומע רינד!?״
די אויגן אויסגעלאָשן דאָך קיין בלינדער
איז ניט ר׳ מאָטל און אַ קלאָרער קוואַל
פאַר פילע אידן, תורה דורשט ער לינדערט —
און ס׳שיינט פון אים דער חכמהס רייכער שטראַל.
ווי ניט אויף לאַנג, בלויז דרימלען וואָלט זיין ראיה;
דער שכל ליכטיקט אים און איז זיין אויג,
דאָס תורה וואָרט פון זיינע ליפּן גליהיק
און פריש קומט מיט מראה און קלאַנגען נויג...
אַ שטעקן און זיין ליכטיקער זכרון
אים פירן אין בית־מדרש און צוריק
און וועלטן אין זיין ווייטער וויזי קלאָרן,
די חכמת תורה איז זיין לעבנס בליק.
אין בית המדרש זיצט ער ווי אַ שמשון,
נאָר ניט מיט יענעמס גבורה — צו אַ מיל, —
פאַלאַצן איינצוּוואַרפן אויף פלישתים —
די פרייד פון טויזנטער אין פיינט פאַרשטילט.
ר׳ מאָטלס כוח — אַ לעבנס לערנען טיפער,
דער שכלדיקער פירוש, קלאָרער דרוש,
פאַרשטענדלעך ווי אַן איינצאָל ציפער,
פאַר לעבעדיקן לעבן א לבוש.
און ס׳זעצן זיך אַרום אים פילע אידן
אָט ווי אַרום אַ בלעטערדיקן בוים
אין מדבר וואַנדערער דאָרשטיק, מידע
אויף אָפּרו אין זיין שאָטן־טרוים.

**דער** יוגער אייזי (**שיער אַ בעל מקובל**),
באַם קאָזלע טיש — ניגונט אויס אַ שיעור;
(מיין מאַמע צאָלט פאַר מיר אַ האַלבן רובל
אַ וואָך — כבין איינער פון תלמידים פיר —
מיט וועמען אייזי לערנט אין בית־מדרש);
כמעט איין עלטער (אַנדערש נאָר אין תוך)
פיר אינגלעך: איך און יודל, שיקע, לייבוש —
דער לעצטער אַ בן־שוחט — דין און הויך, —
אַ בלאַסע שוואַכקייט אויף זיין פנים
און אין די אויגן קראַנקער גלי צעבלענדט;
זיין דראָבנע מאַמעביילע, די אלמנה
אים קעכלט, לייגט אים אונטער אירע הענט.
ער איז שוין ראוי, קען שוין הלכת שחיטה,
נאָר האָט קיין האַרץ ניט, קען ניט זען קיין בלוט:
באַם ערשטן עוף... האָט אים די האַנט פאַרציטערט,
און לאַנג געחלושט, ביז היינט ער פילט ניט גוט.
און ביילע קלאָגט: זי וועט דאָך זיין געצוואונגען
פאַרקויפן די חזקה — דאָס שטיקל ברויט —
צום נייעם שוחט פון שטאָט געדונגען —
פון זינט איר גאָט־זעליקער מאַן איז טויט.
און יודל — ליבט נאָר רו, צו אַלץ אַ פוילער,
אין בית־המדרש קומט ער מיט אַ נאַש,
וואָס די מאַמע גיט מיט דעם זון דעם ווילן,
„וועט זיין אַ גרויסער למדן, אַ בר־דעת“.
און שיקע וואַרט נאָר ראוי זיין לחופה,
שדכנים וועלן שטיין הינטערן טיר,
מע וועט זיך צו זיין גרויסן יחוס שטופן —
ער וועט אַן איידים זיין באַם גרעסטן גביר.

**דער** קלוגער אייזי האָט אויף מיר פאַראיבל,
נאָר שמייכלט דין, מיט גוטע רייד מיך שטראָפט:
„וואָס ליגסטו אין בית־־מדרש שטיבל,
וואו יעדער בעטלער און צעדרייטער פאָפט?
דערהרגעסט גוטע צייט אויף שטות צו הערן,
און לערנסט ניט דעם גאַנצן אויפדערנאַכט,
דו וועסט פון זיי אַ האָר ניט קלוגער ווערן,
וואָס זיי דערציילן פוסט איז, אויסגעטראַכט."
נאָר איך האָב ליב געהאַט די בעטלערס, שלעפּערס,
באַעולהטע פון מענטשן, פון נאַטור,
פון מזלס חלף אָפּגעקוילעט־עפּעס —
און ס'ליגט אויף זיי אַ שטויב פון שליאַכן־שפּור,
פון זיטן, מראות פון פרעמדע לענדער;
דאָס אידיש לשון אַזוי פאַרביק, עכט,
די ווערטער פליגלען אין דער בייגקשאַפטס העמדער.
זכרון! רוף צוריק אָט יענע נעכט!
ווען היגטער הרובע אויף די האַרטע ברעטער —
פון באַנק צו באַנק פאַרלייגט אַן איבערדיל,
די בעטלערס פאַרביטערט, זיפצנדיק מע קלעטערט,
פאַהאַוועט מאַשטשען זיך. אַ רגע שטיל,
ס'לאָזט אָפּ דער ווייטאָק אין די בלודנע בייגער,
(די ביאַנקע רו פאַרטרייבט דאָס בייז געמיט)
און ס'בינדט זיך אויף אַ שמועס פון דער וועלט דער שיינער,
און ווי פון גוים ס'ליידט זיך אַן דער איד;
אויך מעשיות פון צדיקים און קיסרים
און פון משיח'ס־צייט אַ שיין געמעל,
אַז ס'וועלן מער ניט זיין קיין רייך און אָרים:
די וועלט איין הויז: אָן ווענט און אָן אַ שוועל...

מיין יונגער רעיון ווערט מיר אַנגעפליגלט
פון בעטלער מעשיות, כישופדיקע רייד,
אין דמיון שטעט און לענדער אויפגעשפיגלט
און ס׳וויקלט מיך אין טרוים די וואַנדער־פרייד.
עס וואַכט מיין שפּאַנונג טרעפן „בערל בראָדער״
פון וועמען שויעל גאַפט און פלאַמיק רעדט:
„מע וואַיס עם פונם „דונאַי״ ביזן „אָדער״.
כ׳וועל וואַנדערן מיט אים אין ווייטע שטעט.
וועל זען די שטאַרקע „וויסל״ אַנגעשוואָלן
פון אַסיען רעגנס ימיק טיף און ברייט,
צעגיסט זיך איבער בערג, און טאָלן,
די כוואַליעס רוישן מיט צעשטערונגס פרייד.
ס׳קומט איטשעס גוטער צדיק „דער בעל מופת״
טוט תפילה „בלייב שטיין!״ דעם טייך באַפעלט, —
מיט פלעדערווישן פון כפּרה־עופות —
ווענדט אָפּ די כוואַליעס — פון דער שטאָט צום פעלד.
נאָר מער פון אַלע — דער הויכער „ליטוואַק״
(מע האָט אים אויך גערופן „מענדעל פוס״),
(איין פוס אַ קלאָציקע, די פינגער קריקוועגס),
פאַרשטילט ווי חלום, שיכורט מיט גענוס,
ווען ער דערציילט אַ מעשה, אַ לעגענדע.
די אויגן פלאַם — דאָס פּנים שטריינג, דאָ צאַרט,
אַ צען מאָל בייט ער ס׳קול און ביז דער ענדע
איז יעדערער געפּלעפּט, פאַרגאַפּט מע וואַרט.
און מער פון אַלץ באַצווינגט דער בליץ פון גלויבן
צו די משיח מעשיות וואָס „מענדל פוס״
דערציילט האָט אונז פאַרחלומט און דערהויבן —
און יעדער וואָרט זיינס קיילכעק ווי אַ נוס.

אויפן הימל פאַרן בורא
קומען לופטיק, גרינג צושוועבן
כיתות, כיתותווייז מלאכים
און פאַרנעמען זיך מיט וועבן.
וועבן, וועבן גרינג און פלייסיק
פון אַ שטראַל ווי פון אַ פאָדים,
יאָרן טויזנטער זיי וועבן
זיבן וואונדערלעכע בגדים;
וועבן איין אין יעדן בגד
(ווי פון זונשיין די געוואַנטן)
די מלאכים וועבן איינעט
גרויסע פערל און בריליאַנטן.
און נאָך כיתות־ווייז מלאכים
בא מלאכה קדושה וואַכן,
יאָרן טויזנטער זיך פלייסן
זיבן וואונדער קרוינען מאַכן.
און אַז ס׳וועלן זייער מלאכה —
הייליק, סודותדיק און אַרטיק —
די מלאכים פאַרן בורא ברייַנגען,
פאַרן בורא ברייַנגען פאַרטיק —
וועט דאָס שענסטע פון די בגדים
ליב דעם גואלס שטאָלט באַשייַנען,
פון זייַן מלך שטערן פינקלען
וועט די שענסטע פון די קרויַנען.
דאַן — אין אַלע זיבן הימלען
וועט אַ דממה קדושה ווערן,
בלייַבן שטיין די זון, לבנה
און פאַרזאַמלט אַלע שטערן.

און פאַרסודותט וועט דער בורא
הייסן ריכטן זיין מרכבה;
צווישן כרובים, צווישן שרפים
וועט משיח בהרחבה
צווישן בורא און דער שכינה
אין זיין חסד, ליבשאַפט זיצן.
זיבן דונערן ווי איינער,
אָנגעפלאַמט פון זיבן בליצן,
וועלן פאַר די רעדער לויפן,
אָנצוזאָגן אַלע וויטן
אַז עס קומט שוין די גאולה
אַז עס קומען וואונדער צייטן.
נאָכדעם וועט דער עמוד־ענן
אויף אַ טאָג די ערד פאַרשפרייטן,
דער בן אדם זאָל ניט זעען
וואָס דער גורל טוט פאַרגרייטן.
און דער עמוד־אש דעם חושך
וועט אין צווייטן טאָג צעטרייבן
— מיטן האָס און מיטן רשעות
אַז קיין סימן וועט ניט בלייבן.
— און אַז דריי טעג פאַר משיח
אין אַ ליכט־זייל רויטן צונטער
וועט דער נביא אליהו
פונם הימל גרינג אַרונטער
אויף די בערג פון ארץ ישראל,
ווי פון גאָט אַראָפּגעטראָגן;
און דעם ערשטן טאָג דער נביא
וועט דאָרט וויינען, וועט דאָרט קלאָגן:

„ביז ווי לאַנג וועט איר דאָ וויסטן,
ביז ווי לאַנג דאָ מדבר מערן!?
ניט קיין בוים און ניט קיין גרעזל,
נאָר אַ שטיין, אַ דאָרן נערן?
און מיין פאָלק צעשפּרייט אין גלות,
באַ די גוים לאַנג געפאַנגען —
אין גזרות שווערע קייטן
אייביק אין זיין בײנקשאַפט צאַנקען?"
און דאָס גרויס געוויין דעם נביאס
ט'זיך צום הימל ליכטיק טראָגן,
אַז די גאַנצע וועלט דערהערן
וועט זיין וויינען און זיין קלאָגן.
אויפן צווייטן טאָג דער נביא
אָנגעטון אין ווייסע בגדים
וועגן גוטס וואָס דאַרף באַלד קומען
וועט פאַרציילן דעם בן אדם.
אויפן דריטן טאָג, דעם דריטן —
אונז מבשר זיין די בשורה:
„זעט! אָט קומט שוין די ישועה!"
רופן הויך אין ווערטער קלאָרע.
דאַמאָלסט וועט משיח קומען,
(מענדל ליכטיקט יעדנס רעיון)
און די אידן פונם גלות —
אויף דער גאַנצער וועלט באַפרייען.
מענטש באַשאַפענע עשירות
און דער חילוק: רייך און אָרים
וועט פאַרגיין, און וועט פאַרשווינדן
ווי די מענטשלעכע יסורים...

און דער מענטש וועט מער ניט דאַרפן
ניט דעם אַקער, ניט די קאָסעס,
ניט דעם האַמער, ניט די נאָדל,
ברויט און פרוכטן ווי די גראָזן —
וואַקסן ניט פאַרזעצטע, ניט פאַרזייטע
ווי אַליין די שיינעביימער;
שטרעק נאָר אויס די האַנט און נעם דיר,
ס׳איז ניטאָ קיין האַר, קיין שומר.
ס׳וועט דער מענטש ניט פיל באַדאַרפן,
דרויסן — זיין פּאַלאַץ און זאַלן,
אויפן לעבן לאַנג גענוג זיין
איין פּאָר גאָלדענע סאַנדאַלן;
און פון זעלבן צייג וואָס הימל
אַזאַ מאַנטיע, בלויער קיטל,
אייביק גלאַנציק, שוואַרצע לאָקן
וועלן זיין דאָס שיינע היטל.
ס׳וועט ניט זיין קיין קנעכט, קיין האַרן
„בזעת אפיך תאכל לחם״
בטל זיין אויף אייביק, אייביק
אָן א סיבה צו פאַרשוועכן,
ס׳וועט די וועלט זיין איין מדינה,
אַלע ריידן אויף איין לשון —
לשון קודש אלע שפּראַכן
וועט פאַרשטילן און פאַרטושן.
ס׳וועט ניט זיין קיין קנאה־שנאה —
גלייך אויף גלייך זיין יעדנס חלק,
„והאבת לרעך״
וועלן אַלע האַלטן הייליק.

אין שטעטל איז מען מיינע עלטערן מקנא
און שכנים — נייגער בליקן דורך אַ שויב
פֿאַרגנבענען ; פֿאַרביי די פֿענצטער שפּאַנען,
ווי ס׳וואָלט אַ גס די רו זיי אָפּגערויבט.
מיין טאַטע האַלט זיך יום־טובדיק, געלייטערט,
ער רעדט צו יעדן מילד, געציילטע רייד,
פֿון זיין געמיט דאָס וואָכיקע דערווייטערט,
ווי פּסולת פֿונעם ווייץ ; קלאָר ז׳זיין פֿרייד
וואָס ניט באם רב, באַם דיין — פֿרומע, גוטע,
געניט אין חכמות, אין תורה קלאָר —
איז ניט ווי איך — אַ זון באַ זיי געראָטן,
צו פֿאָרן אין ישיבה אויף צוויי יאָר.
מיין מאַמע פּאַקט פֿאַר מיר אַ ווייסע טאָרבע
און אירע אויגן פֿייכטן מיט אַ גליי, —
ניט גרינג מיך מיטן בויטיקסטן באַזאָרגן —
אונטערן אויג פֿון גויט, אין שווערער מי.
זי פּאַקט מיין וועש, סע פֿיכלען אַלע העמדער
מיט שניי־ווייס פֿרישקייט — מי פֿון מאַמע־הענט —
איך זאָל אין פֿרעמד ניט ווערן אַ פֿאַרשעמטער :
(אין קויטיק העמד — די הויט אין חרפּה ברענט).
זי פּאַקט מיר איין אַ סלויאקל וואַרעני,
פֿון לאַנג געשפּאָרטע, געלע הינער שמאַלץ,
וואָס קויפֿן האָט געוואָלט די גבירטע העני,
(אין רייכן הויז אירס ווערט פֿאַרשוואונדן אַלץ).
און ס׳שוועבן מיינע טרוימען — יונגע פֿויגל,
מיין אינגל שטאָלץ און חשיבות בליט און פֿלאַמט,
ס׳ברענט מיין באַגער אַ ריינער, גלויביק, ס׳בייגעלט
ארום מיר דער נייגער, קנאה מיט אַ טעם...

באנאכט. כ׳בין וואָך. אָט סקריפּעט אַן עגלה,
איך הער פון בייטש דאָס סווישטשען און דעם קנאַק;
אין פענצטער קלאַפּט באַלד אַן דער הויכער סרוליע —
געפאַנגען אינם חושך דיק ווי לאַק.
אוי, סרוליע, אָנגעפּודיט אין קאַפּאָטעס,
פאַרפינצטערט אויף דער קעלני יאָרן לאַנג —
אין שנייען, רעגנס, אָסיען אין די בלאָטעס;
פון פּייטשע, בלינדע נעכט — די אויגן קראַנק,
אין שוואַרצער באָרד זיין יוגנט לעשט, ס׳טוט גרויען;
דאָך ניט פאַרשטילט זיין לעבעדיקע פרייד, —
באַך איצט דערפרישן מיך די קילע טויען —
פון זיינע ווערטלעך, זיינע קלוגע רייד.
אָ, ווי פיל קינדער פון מיין אָרים שטעטל
אָט אָפּגעפירט ער מיטן טרוימען וועג —
צו זוכן לעבנס צילן, בלינדן מזלס קוויטל? —
געשטראָפּט מיט האָפענונגען יונג אַוועק —
פון זיין עגלה אין די פרעמדע כרך׳ן —
אַ דינסט, אַ ניאַנקע ווערן באַ אַ גביר
און באַ וואַרשטאַטן אויסצולערנען פאַכן, —
פאָקוטעווען אומזיסט אַיאָר דריי — צי פיר,
אָט ווי מיין חבר מאיר באַ א שניידער;
צוויי לאַנגע יאָר שוין בידעוועט אומזיסט
און האָט נאָך ניט געכאַפּט דעם סוד, דאָס קריידל;
ער ראַמט די שטוב און טראָגט אַרויס דאָס מיסט,
צוויי קינדערלעך דעם מייסטער נאָך אויסוויגן,
מיט הייסע טרערן וואַשן לאַנג דעם דיל —
פון שניידער פאַך דעם סוד דערקריגן,
דעם פאַך וואָס זאָגט ניט צו און גיט ניט פיל.

איך זיץ אין אַלטן וואָגן שטיל פאַרטרויערט —
געטוליעט מיט מיין טאָרבעטשקע פון זאַק,
דעם טאַטנס ווערטער קלינגען מיר אין אויער,
דער מאַמעס אָטעם וואַרעמט נאָך מיין באַק.
דאָס לעצטע היימיש הויז פאַרשווימט אויף הינטן,
די נאַכט — אַ שווארצער תהום אָן אונטערשייד
און אומעטיקע הוליען שוין די אָסיען ווינטן
אויף פריה־מידע פעלדער ווייט צעשפּרייט.
אין יונגן האַרצן וועקט זיך בייגקשאַפט פיבער
און טרערן גליהיק טוט צום האַלדז אַ שפּאַר,
אָט, אָט צעוויין איך זיך, אין אַלע שטיבער
דערהערט מען מיין געוויין און טיפן צער.
און שנעל מיין מאַמע נעמט דאָס לעמפל צינדן,
דער טאַטע קוקט אויף מיר פאַרחידושט, שטיל, —
אַ רגע דרימל איגם חושך בלינדן
און חלום ט׳זיך געטון מיט מיר אַ שפּיל.
און סרולי נעמט די אָדלערס זיינע וועקן,
צעכוואַטשט די בייטש: „נו, קליאַטשעס, שלעפּט!“
די דאַרע פערדלעך אָנגעשטריינגט זיך שטרעקן
אַדורכצושניידן ס׳פינצערניש פון סטעפּ.
ס׳טוט סרולי נאָך אַמאָל די בייטש אַ פּאָכע,
איר סווישטשן אין דער לופט — אַ שאַפער קריץ,
ער שיינקט די פערדלעך אַ גייע „ברכה“
און אונז דערציילט געשמאַק אַ פרישן וויץ.
פאַרזעסן כ׳בין אין חושך, ווי אין אַ טינטער,
איך זע ניט אָן דעם הימל, ניט די ערד
קיין ליכט פאַראויס, קיין לעבנס־שפּור אויף הינטער,
נאָר אָפט אַ ווייט געהיימען רויש מע הערט.

מיר זיינען שוין אַרויס פון חושכס כּישוף;
פון ליכט, ווי פון אַ ליקער — ווערט דער קאָפּ פאַרדרייט.
דער לעבנס וואַרמער אָטעם פון אַ ישוב,
דאָס פּילן ערד אונטער די פיס — דערפרייט.
די סטאַנצי לאָמפּן מאַטע, איינגעכמורעט,
אין וואָלקנס שאַרפן טאַבאַק רויך פאַרהילט;
אָן קלומקעס, סמוטנע מענטשן איינגענורעט —
פאַרדרימלען לייכט, מע שלאָפט אויף בענק און דיל,
ווי פויגל אין איין נעסט צענויפגעפלויגן,
צי מענטש וואָס פון זיין מזלס טראָער לויפט,
פון שווערע לעבנס-לאַסטן איינגעבויגן;
די פּעק ווי חורבן רעשטלעך אָנגעהויפט.
פון אומעטיקע רייד גייט אויף אַ זשומען,
אַ מוטנער וואָרט פון דאָ און דאָרטן טויכט,
אין חלל — סודותדיק — ווערט אַלץ צעשוואומען
אויף שלעפערדיקע כוואַליעס טערפּקע רויך.
די אומגעדולד פאַרשטייפט אויף יעדנס פּנים,
מ'איז איינער פונם צווייטן אָפּגעהיט,
מע קוקט מיט בליקן גליהיקע און קרומע,
מע מיידט זיך אויס מיט שטילע חשדים טריט.
עס זיצן פיל פאַרסודותטע אין קלערן
פון נייעם לעבן אין דער ווייטער פרעמד,
דעריאָגן די חלומות, דאָס באַגערן
אין גרויסע שטעט מיט גליקן שטאַרק פאַרשם'ט;
און אפשר ווייטער נאָך — אין פרעמדע לענדער,
ווער ווייסט וואוהין דאָס גוטע מזל ווייזט,
פאַר איינעם פאָרן — אַלץ לטובה ענדערט,
אַ לעבן לאַנג אַ צווייטער פאָרט און גרייזט.

נאָר פּלוצים ווערט דאָס טראַכטן אויסגערונען;
פון גבורהדיקן פּייף מע ווערט דערוועקט;
דורך אַלע סטאַנצי טירן מע ווערט אַנטרונען —
מיט קלומקעס אין די הענט, אויף פּלייצעס פּעק.
אַ שטח חושך, רויט פון העלער שׂרפה,
אַ פייער־גייזער רייסט זיך פון דער ערד
צום הימל, די גרויסע פינקען פול מיט אייפער,
פאַרלעשן זיך — פון זיך אַליין פאַרצערט.
און מיט אַמאָל צוויי גרויסע פייער אויגן
דעם שוואַרצן דרויסן שפּיזן בליציק, העל:
אַ באַן מיט שטורעם אין האַלבן קרייז געבויגן
צו ישוב יאגט אַרויס פון נאַכט־טונעל;
ברייננגט וואַכע ווינטן פון די פּוסטע פעלדער,
פאַראויס זי טרייבט זיי פול מיט קעלט און סקרוך,
טראָגט אומעטיקן רויש פון אַסיען וועלדער,
פון טויטע בלעטער אילקען פויל־געררוך.
די פענצטער ליכטיקן מיט שיין אַ מאַטער
און בליצן דורך ניט כאַפּן מיטן בליק,
ווי פייער פליגן בליצן דורך אין פלאַטער,
די פליגעלעך זיך שאַרפנדיק ציק, ציק...
די באַן בלייבט שטיין פאַרסאַפּעט, לאָזט אַ פאַרע,
זי אָטעמט אויס די מידקייט פון געלויף,
באַלד לאָדט מען אויס פון ווייט געבראַכטע וואַרעס,
מע גרייט איר אויס זיך יאָגן צו אַ סוף.
אויף גיך מע שפּייזט איר אָן מיט פייכטע קוילן —
ווי שטיקלעך נאַכט, — מע פּויקט אויס יעדע ראָד
און אַקס, מע טרינקט איר אָן; אַ גלאָקס באַפוילן —
די באַן ציט אָפּ און לאָזט געהיימניש, סוד.

**די** מענטשן אויף די בענק ווי אין די בעדער,
מ'איז דאָ און דאָרט אָן קלומקעס אָנגעשפּאַרט.
פּאַרמאַטערט וויגט מען זיך אין האָצק פון רעדער
און עמיץ עפּנט אויף אַן אויג פאַרשטאַרט.
פון שלאָף ט'מיך אויסגעטון דער ביינקשאַפט פיבער,
אַ שטילער אויפן דיל כ'זיץ מיט דער נאַכט,
און בילדער פון מיין אָרמער היים מיין ליבער —
צעשפּיגלט מיר מיין וויזיע — קלאָר און וואַך.
איך זע זיך מיט חברים שפּילן פּילקע,
אָט אָ, יאָקל; פונם טשוואָק און שטעקן גאַפּט;
פון מולטערס — באַ דער מאַרקזיצערין מילקע —
ציט שלאַנקע באַרנעס, עפּל פול מיט זאַפט.
און מאיר שטראָפט: „מע טאָר ניט, אַן אלמנה,
דריי אָרימע יתומים קוים דערנערט,
מיר שטעלן טאַטע מאַמע אין סכנה,
פאַר אַזאַ זינד — גאָט שטראָפט נאָך אויף דער ערד".
ביז ס'גייט די נאַכט אַוועק, דעקט אָפּ די פעלדער
אין אָסיען אומעט, פוסטע און פאַרשטומט;
אַ בוים אַ נאַקעטער, אַ פייכטער, אָנגעקעלטערט —
פאַרבויגט זיך פאַרן הערשער ווינט וואָס ברומט.
מיר דאַכט זיך ס'וויינט דער ווינט און זוכט דעם זומער,
ס'געזאַנג פון שניטער, בינען זשום, ס'גרין פון בלאַט,
נאָר שניטער רוט אין טראַכטעניש פרומע
און ביזן נייעם זומער ט'עסן זאַט...
און אין זיין שוואַרצן פעלד שוין דרימלען קערנער
וואָס וואַרטן אויף דער ווייסער, פוכקער דעק,
אַ זאַנג וועט אויפגיין פון אַ זריעה־זערנע,
ווען פרילינג זי פון ווינטער שלאָף דערוועקט.

מע זעט שוין דורך די פענצטער צלמים שיינען,
פּאַמעלעכער און שטילער ווערט די באַן,
אין אָפּשיי פאַר דער הויפּט שטאָט פון אוקראַינע —
זי ציילט און מעסט, פאַרלאַנגזאַמט יעדן שפּאַן.
ביז ס׳פליגלט דורך דער כישוף נאָמען: „קיעוו״
דער עולם צו די פענצטער כוואַליק שפּאַרט,
כדי, דערנאָך אין „קאַרגען״ אין „טוטיעוו״
די וואונדער אויסדערציילן מיט אַזאַרט.
אָט דאַכט זיך אַז אַ באַרג קומט אונז אַקעגן,
פאַרשטעלן אונז אין שטאָט אַריין דעם וועג,
דער עולם גנעמט זיך קינדעריש, פריינטלעך קריגן:
„אַז אָט דאָרטן איז דער דניעפּר ברעג.
אַז ס׳מוז די באַן אַ בריק אַריבערפאָרן —
ערשט דאָרטן הויבט זיך אָן די וואונדער שטאָט
מיט מויערן פון פיר און זיבן גאָרנס
און אַ געוויקלטע אין רערן און אין דראָט.
אַז אַלע זיבן גאָרנדיקע הייזער
מע בויעט לכתחילה אָן אַ טרעפּ,
נאָר ס׳גייט אַזאַ „מאַכינע״ מיט אַ ווייזער
וואָס פירט אַרויף די מענטשן, משאות שלעפּט.
אַז גאָלד, בריליאַנטן אָפן אין וויטרינעס
מע לייגט אַרויס, גנבים טשעפּן ניט,
ווי ס׳וואָלט, אַ שטייגער, זיין פאַר ווייבער תחינות,
זיי זענען פון קיין סטראַזשעס ניט געהיט.
אין גרויסע שטעט פעלט גאָר ניט ניט הפנים —
און ניט ווי אין די שטעטלעך: צו אַ גביר
אין הונדערטער־אביונים און קבצנים —
וואָס ניט דאָס גאָלד, נאָר ברויט איז זייער גיר...

**פאַרוואונדערט** קוק איך לאַנג אויף די חידושים,
פון יעדער זאַך כ׳ווער קינדעריש פאַרגאַפט,
די פענצטער פול מיט גליהיק זייד און פּליושן,
די טראַמוואַי לויפט מיט אַ געהיימער קראַפט.
אויףביידע זייטן גאַסן — גרויסע לאַמפּן,
און יעדע הענגט אויף אַ טשוגונעם סלופּ,
ווי קירבעס; באַטאָג מיט אומעט גלאַמפּן,
באַנאַכט — פאַרטראַכטע ליכטיקן אַראָפּ
מיט העלן, בלאַסן שיין; מע זעט קיין קנויטן,
אַן שוועבעלעך מע צינדט זיי אָן,
דער פלאַם פון זייער ליכט איז ניט קיין רויטער,
נאָר בריאיקער ווי ס׳פייער פון דער זון.
אויף גרויסע שילדן כ׳לייען אויס די נעמען,
(אויף רוסיש אַלץ) די אותיות איילן גרויס,
דאָס אידישע לשון טוט מען דאָ פאַרשעמען,
מסתמא, נאָר אין גאַס, — אידיש אַלץ אין הויז.
נאָר ס׳רוישט און פּלייצט דאָס שטריינגע „פּאָני״ לשון
און ניט אַ וואָרט דאָ פון מיין מוטער־שפּראַך,
קוים, קוים כ׳דערקען דאָ בתי מדרשים,
ס׳איז אַלץ דאָ אַנדערש, אינם גרויסן כרך.
עס וואוינען אין איין הויז אַזוי פיל שכנים,
נאָר פריינדשאַפט טרעט ניט איבער זייער שוועל,
פאַרהאַנגען אַלע פענצטער, שטיל, געהיימע,
אין יעדער שטוב ווי אין אַ תפיסה צעל.
מע איילט זיך אין עקשנותדיקן שווייגן,
ווי אויף אַ שווערן, ווייטן פּחד וועג,
צי גאָר אויף יענעמס צילן איבערשטייגן —
באַם מזל אויסצוכאַפּן אַ פאַרמעג...

די שיף אַ שפּילצייג, זי הויבט זיך און זי נידערט,
פאַרשוימטע כוואַליעס שלאָגן זי פון יעדער זייט,
די מענטשן זיצן שטיל אין זיך פאַרגלידערט,
דער האַרבסט ווינט אויף די פענצטער שלאָגט און שרייט.
מע איז צעוואָרפן, פרעמד און אָפּגעזונדערט,
ווי פּליטים פון אַסך צעשטערטע שטעט,
אַז ס׳פאַלט די שיף, ווי אין אַ גרוב, אַרונטער —
אין פּילע אויגן דער פּחד גליהיק רעדט.
מע טוליעט זיך צום קלומעק, קויטיק זעקל,
מיט לייב און לעבן שיצן „ס׳גרויס פאַרמעג"
(אַחוצן העמד, דאָס אָפּגעבליאַקעט רעקל) —
מיט וואָס צוריק צו קומען אויפן ברעג.
צו גאָט ווענדט יעדערער זיין שטומע תפילה,
(פריר ס׳אייגן האַרץ, נשמה אויסגעהערט) —
מע זוכט אַ סימן: האָט ער באַוויליקט
זיין שוץ און חסד אויף סכנהס הונדערט וויערסט?
און מילדערן דעם ווינט, ס׳זאָל זיין נאָך וואַרעם,
די שיף בשלום ברענגען אינם פּאָרט,
וואו ס׳ליכטיקט יעדנס אויסגעחלומט גאַרן
און שטרעבן, אין טרוימען, אָנגעצילטן אָרט;
די האָפענונג, די פּזרן׳טע, זאָל פירן
נאָך ווייטער, ס׳איז גרויס און רייך איר וועלט.
פאַר יעדן עפנט דער פאַנטאַזיס טירן
און לאָזט אים זען וואָס אים געפעלט.
נאָר ס׳ציען זיך להכעיסדיק די שעהן,
כאָטש קורץ איז שוין דער אָסיענדיקער טאָג,
די מענטשן מיד שוין, און פאַרביינקט נאָך רוען,
די שיף אין כוואַליע ראַנגלט, צו אַ פּאָרט זיך שלאָגט.

אַן אַנגעשוואָלענער פון אָסיען רעגנס,
מיט רוגזה וואַרפסטו זיך פון ברעג צו ברעג
און כוואַליעס איינס דאָס אַנדערע אָקעגן —
פאַרשוימט און מעכטיק יאָגסט אויף טויט געשלעג,
ווי קריגער — דאָ פון צפון, דאָ פון דרום,
צעשטערן זיך מיט סודותדיקער קראַפט;
און ס׳שטייגן אַנדערע מיט מאַכט פון שטורעם;
כ׳קוק צו דיין ברויזיק שפיל, מיך שרעקט און גאַפט.
דער אָסיען אומעט איז אין דיר צעשריגן
און דיין געוואַי דעם בלינדן פחד וועקט,
און איידער ווערסט אויף ווינטער איינגעשוויגן —
דיין גרויסע מאַכט אַ לעצטן מאָל אַנטפּלעקסט.
פון אומרו און דיין ברום איך ווער דערשראָקן,
ווי פונם וויינענדיק געפּיף פון שיף,
מיר דאַכט זיך „גאָגאָל״ * טריינקט יאַנקלען אין ווייסע זאָקן —
איך זע אים, הער אים וויינען פון דיין קאַלטער טיף.
אָ, כ׳ווייס ווי בלוטיק ס׳איז אוקראַינעס קאַנטע,
מיין זיידע האָט מיט ציטער מיר דערציילט,
פון דעם „כמעלניצקי״, היידאמאַקעס „גאָנטעס״
פון אידן קדושים, זייער מי — אין רויב צעטיילט.
איך האָב געלייענט מיט פאַרשטיקטע טרערן
די ווילדע שחיטות אין ת״ח ות״ט,
אין דיינע כוואַליעס, אָ, דניעפּר, טו איך הערן
וואָס איז פאַרשריבן אויף אַ בלוטיק בלאַט.
און ס׳שושקעט מיר דאָס האַרץ, כבאַווייז דעם עבר
און שעלט דעם היינט, אַ פינצטערער און לאַנג,
נאָר אויסטון הויט פון פיין — וועל איך ניט פּרוואוון,
די ליבשאַפט צו מיין פאָלק — ז׳מיין גאָלדנע צוואַנג . . .

*) גאָגאָל אין זיין דערציילונג „טאַראַס בולבאַ״ ווייזט ווי דעם איד יאַנקל טרינקט מען אין דניעפּער, ווי ס׳ווייזן זיך זיינע פיס מיט די ווייסע זאָקן.

דו האָסט דיין בעט זיך אויסגעבעט אַ, דניעפּר,
אין ברעג פון ליים און פעלזיק רויטער שטיין,
דער צווייטער אויסגעשפּרייט מיט פלאַכע סטעפּעס —
ביזן „שוואַרצן ים" און „דאָן" אין ווייטע פליין.
די ווינטן קענען דיך ניט איבעריאָגן
אין דיין געלויף פון זיבן הונדערט מייל,
דער אָטעם פונם פראָסט נאָר קען דיך שלאָגן,
פאַרשליפערן דיך אין אַ ווייסן זייל.
ווערסט אומעטיק אין מורא פאַרן ווינטער,
פון צפון טראָגט זיך פייערדיקער פראָסט,
(מע ריזיקירט ניט אויף זיין מאַכט דער בלינדער),
פון מענטש און פויגל ווערסט אויף גיך פאַרלאָזט.
און פוסטע, שטילע בלייבן דיינע האַפנס,
די שיפלעך אויפגעזאַמלט אויף אַן אָרט,
צוריקגעבראַכט ווי אָפּגעזוכטע שקלאַפן —
מיט טרייע שטריק געבונדן צו דעם פּאָרט.
ס'קומט ווען ניט ווען אַ הונגעריקע מעווע,
אַן אומעטיקע קוקט דיך אָן און פליט אַוועק.
נאָר ס'קומען אינגלעך נייגעריקע, בראַווע,
פאַרגאַפט פון וואונדער, שטייען אויפן ברעג
און קוקן ווי דו רייסט זיך צו דעם אָפן,
מיט אַלע כוחות ברעכסט דאָס ערשטע אייז;
נאָר קעגן דיר יאָגט בייזער ווינט פון צפון,
די קריעס אייז טרייבט אויף אין מחנות־ווייז;
זיי בלייבן שטיין ווי אויפגערייצטע חיות
אין פּאַניק, אין דער שרעק פון טויט געפּאַר,
און ווי די רעשטלעך פון אַסך „פּאַמפּייעס"
אַ ברוכשטיק אָן אַ ברוכשטיק אָנגעשפּאַרט.

אַ מחנה שקצים, שיקסלעך, ווי הינט צערייצטע —
דעריאָגט מיך אויפן וועג פון ברעג צום שטאָט;
(די רוימער האָבן קריסטוסן געקרייציקט)
דערפאַר האָט זיך אויף מיר געטאָן אַ שאָט
אַ האָגל פויסטן מיט רשעות אָנגעביילטע,
מיט נאָכגעשרייען: „קריסטוס מערדער״! וואַנדערער איד!
פון שרעק געליימט, מיט יונגע פיס צעאיילטע —
כ׳בלייב צוגעשמידט צו מיינע ענגע טריט.
אָט ליג איך שוין אויף ד׳רערד און זע קיין הימל,
נאָר פנימער און פויסטן אין אַ קנויל,
כ׳וויל רופן, שרייען, גאָט! פאַרהאַקט זיך גימל
אין האַלדז — און קאַלט בלייבט שטיין די צונג אין מויל.
איך רוף מיין יונגן כוח טו אים איילן
צו מיינע פיס און שווינגענדיקע הענט
און ס׳בליצן דורך מיין קאָפּ מחשבה־פיילן,
עס ווערט אין מוט מיין רעטונג אויפגעבלענדט.
ווי יעקב — פאַר לינדזן — פונם ברודער עשו —
פאַר לעצטע רייפטלעך חלה אַלט און האַרט —
און שטיקלעך צוקער (פון רציחה הייסער)
איך קויף זיך אויס מיט ברעקלעך אויפגעשאַרט.
זיי כראָמטשן גיריק, סמאָקטשען לאַנג דעם צוקער
און חיהש רייסן זיך פאַר לעצטן קריש.
כ׳קוק צו פון ווייטנס — די טרפה שנוקעס
און פינגער מיט דער צונג מע לעקט, מען ווישט.
כ׳פאַרוואַרף מיר אויפן פלייצע ס׳אויסגעליידיקט זעקל,
מיט בלוט און טרערן ס׳פנים אָנגעפלעקט,
די קנעפּ אַרויסגעצופּט פון איינציק רעקל —
אַ וואַנדערער דורך פרעמדער שטאָט זיך שטרעקט.

איך בין אין שטאָט און הער שוין ס׳אידיש לשון,
מיין האַרץ מיט שרעק און פריידנס טרערן פול,
מיין צער און פיין ווערט שטיל און אויסגעלאָשן,
ווען כ׳קום אַריין אין בעל־עגלה שול.
ס׳הערט אויף דער אומיטקער גמרא ניגון,
אַ ים פון אויגן מיט התמדה גלי,
אַ שטראָם פון דממה, שמייכל — מיך באַגעגנט,
מיט גריסן נייגער אינם בליק צעבליט.
רב שלמה — נאָכט די באָרד און טאָג דאָס פנים —
פאַרסודותט פון אַ ליכט און שאָטן בייט,
די אויגן גלאַנציק, שוואַרץ און דורכגענומען
מיט גלי און טיפקייט פון אַ ווייטער צייט.
רב שלמה, ראש ישיבה, נעמט מיך פרעגן:
„ווי קומסטו קיין „רזשישטשעוו ?" ניט באַוואוסט !"
און ווער ס׳האָט אָפגעהיט מיך אונטערוועגנס ?
און טיף אין מיר פאָרשט אויס דעם תורה־גלוסט.
מיט פאָרכט כ׳דערלאַנג אים ס׳בריוול פונם דיין —
אין קלאָרער, דראָבנער רש״י שריפט,
רב שלמה׳ס פנים אויסגעלייטערט, פרייער,
ער לייענט שטיל, פּאַמעלעך און פאַרטיפט.
כ׳קוק אָן די שול — אַז קוים עס צו דערקען
אַלס מקום־קדוש, נאָר דאָס הייליק וואָרט
מיט יוגנט הערלעכקייט, התלהבות טענער
פאַרקלינגען יעדער ווינקל, יעדער אָרט.
אין מיטן שול אַ פשוטער באַלעמער,
דער עמוד אָן אַ שניצעכץ, ניט באַצירט ;
די טונקלע פענצטער שאָטענען מיט דעמער
און נאָר איין טרעפּל צום ארון־קודש פירט . . .

איך האָב שוין סטאַנצי באַ ר׳ בערל בלעכער,
קריג פון ישיבה — זיבן קאָפּיקעס אַ טאָג;
דריי מאָל אין טאָג בין איך אַ גאַנצער סוחר
אויף ברויט און אָקריפּ, הערינג פונם ליאַג
און האָף: ר׳ „איצי״ דער מלמד וועט מיך באַזאָרגן
מיט תמידיקע טעג אויף דער גאַנצער וואָך.
איך גיי אין שול אַריין אין גרויס פרימאָרגן
צום ערשטן מנין; כ׳לערן גוט, מיט תוך;
איך קען שוין אַלע אינגלעך אין ישיבה
(מע רופט זיך באַ די נעמען פון די שטעט)
און ווער ניט מער מבולבל פון דער סביבה,
אין חברשאַפט מיט מיינע כיתות כ׳רעד.
נאָך מיטאָק זעץ איך זיך אַוועק באַזונדער
באַ אַ שטענדער און לערן דעם שיעור,
וואָס איז ניט לאַנג פון קאָזלע טיש אַרונטער
מיט רבי יואל׳ק׳ס פּשט. מיט ברען און גיר
צעוויגט מע לערנט מיט צעפלאַקערטער התמדה.
און אויף די כוואַליעס ניגון — דורות אַלט,
סע שוועבן אום די נעמען רבא און יהודה.
אין ווידערקול פון „יבנה׳ר״ עבר ס׳שטראַלט
און ליכטיקט אויף די וויזיע פון בן זכאי: —
אַז תורה — פאַרן פאָלק וועט זיין דאָס ליכט,
אים פירן מיטן אייביק אמת־פלאַקער,
פון אַלע צרות וועט ווערן אויפגעריכט.
מיין אייגן, יונגן קול דערהער איך קלינגען,
(מיר דאַכט זיך איבער יעדנס העכער שטייגט),
אינאיינעם דורך דער סטעלי דורכצודרינגען
צום הימל — אַ בלייאיק, נידעריקער שוויגט.

מ׳יר רופן זי: די ליבע מאַמע ברײַנע,
און וואָלט אַ מאַמע דען געטאָן נאָך מער
פאַר אונז ישיבה אינגלעך אין אוקראַינע —
פון שטעטלעך אָרימע און יעדערער א גר?
אַליין פיל שווערע פעקלעך טוט זי שלעפּן,
און אײדער נאָך אויף יונגען טאָג ס׳פאַרגרויט —
אַ זיבן עמערס וואַסער טוט זי שעפּן, —
מאַכט גרייט געשײַנקטע הערינגס און דאָס ברויט.
און מיר — אין נידריק הויז אירס ווי אַ בודע —
מיר קומען שטראָמיק און מיט יוגנט רויש —
גאַנצפרי — צו אונזער אָנגעגרייטער סעודה —
די שטילקייט וועקן אין טונקלען הויז.
און ברײַנע — האַרציק יעדערן אַקעגן:
„גוט מאָרגן״ ליב און מוטערלעך אונז זאָגט;
ס׳ווערט אַלץ דאָ אויפגעגאָסן אין איין ניגון:
די שאו ידיכם׳ס, דער וואַסער רויש צעיאָגט.
דריי קאָזלע טישן יום־טובדיק פאַרשפּרייטע,
מיט פלייס צעשטעלטע אין אַ ח,
די רייפלעך ברויט און פעדים הערינג גרייטע
דערוואַרטן ברײַנעס זעכציק אָרימע געסט.
און גליקלעך, אויפגעשיינט אַרום די טישן
גייט ברײַנע און מוטערלעך זי טיילט
פון טאָרבע — יעדערן אַ צוקער קרישל,
גיסט אָן אין גלעזער פינקלטדיקע טיי.
דערנאָכדעם הערט זי פרום די ברכות המזון,
פאַרפעלט ניט אַ ברוך שמו, אמן;
געשטאַרקט איר נידריק שטיבל מיר פאַרלאָזן
און זי אַ ליכטיקע באַם טיר בלייבט שטיין.

ס׳איז טיפער הארבסט מיט רעגנס און מיט בלאָטעס ;
דער ווינטער גנבה׳ט זיך שוין יעדע נאַכט ;
באַ אינגלעך ס׳פּנים איז מיט זאָרג פאַרשאָטענט .
(פון שטיוול, אַ ווינטער בגד׳ל מע טראַכט).
ניט לאַנג איז אַ ישיבהניק באַצאָרנט,
א יונג און אָרעם לייב געדראזשט פון קעלט :
די גוטע מאַמע ברײנע אַלץ באַוואָרנט —
אונז העלפן אין אַ נויט, קיינמאָל ניט פאַרפעלט.
ווייל ברײנען איז ניט שווער געווען, קיין שאַנדע
אפילו הונדערט מאָל גיין צו דעם גרויסן גביר —
דעם צוקער פאַבריקאַנט — רב מרדכי לאַנדע —
און אָנצוקלאַפּן אויפן נגידס טיר.
מיט ווירדע פאַרן שטרײנגן גביר שטייט ברײנע,
איר יעדעס וואָרט מיט חכמה אָנגעטאָנט,
פון שלעכטן מסחר לאָזט זיך ניט פאַרטענה׳ן,
גאָטס חלק פאַרן אָרימאַן זי מאָנט.
איר פּנים מיט אַ קדושה פלאַם פאַרליכטיקט
און שכינהדיק איר בליק, מיט גוטסקייט רעדט,
ווען שוסטער, שניידער צעטלעך (יעדן ריכטיק)
זי טיילט (און ווען ווען אויף אַ פּאָרל גרעט).
פון אַלטן שטיבל נידעריק געבויגנס —
מיר גייען מוטיקע, מיט פרייד באַגלייט ;
מיט זוניק גליק צעשיינט אין ברײנעס אויגן,
זי רעדט צו אונז מיט גוטע, שטילע רייד.
אַזוי האָט ברײנע — אין אלמנה׳שאַפט געבויגן —
באהבה אָנגענומען זיך אַן עול,
פאַר זיך חיונה אָרימע געצויגן
פון שטריקן הענטשקעס, לייבלעך פון וואָל.

דו ליכטיקסט אין מיין אָנונג, רבי יואל׳ק,
מיט עהרלעכן געדולד און פרום געמיט;
דאָס לערנען מיט די אינגלעך האָסט פאַרהייליקט,
מיט ליבשאַפט יעדן תלמיד אָפּגעהיט.
אָט לייכטן דיינע אויגן קינדעריש, מילדע —
פאַרטרערט אין פרייד וואָס יאָסעל פון „ראדמיר"
דער פּוכקינקער „באלאקוועקער" דער ווילדער —
האָבן איינמאָל אויך געקענט דעם שיעור.
האָסט קיינמאָל זיך געבייזערט, ניט פאַרשעמען
אַ אינגל, נעבעך, מיט אַ שווערן קאָפּ,
נאָר בין השמשות אין אַ ווינקל נעמען —
און חומש, רש״י — אַלץ אין אים געשטאָפּט, —
אַן אַנדערן צו זיך אַ היים גערופן
אויף וועטשערע, אים העלפן מיטן שיעור,
אין שלעכטן וועטער באַ זיך געלאָזן שלאָפן,
מיט ליבשאַפט און זאָט אַרויסבאַגלייט פון טיר.
האָסט, רבי יואל׳ק, דיינע תלמידים
ווי גוטע קינדער — אייגענע געקענט,
זיי אַלע ליב געהאַט צעגלייך: מתמידים
ווי די אין פוילקייט נאָר די צייט געשוועגדט.
דו האָסט דערפילט ווען ס׳פלעגט אַ אינגל פלאָגן
אַ שלעכטע נייעס פון ד׳ר׳היים צי שוואַך געזונט,
אים פאָטערש אויסגעפרעגט, געפאָרשט זיין לאַגע,
מיט אים געוואָרן חבריש נאָנט.
פון דיינע קאַרגע שכירות געגעבן גראָשנס,
ווען הונגער האָט אַ תלמידס האַרץ געקלעמט,
אַ רעטשקע קאַרזשיק קויפן זיך באַ דוואָשען —
און אויך דער וועשערין באַצאָלן פאַרן העמד.

**איך** גיי פון שול מיט שמשון בעל עגלה,
(אַ ווינטל אין זיין ברייטער באָרד זיך וועקט
און פון קאַפּאָטע כוואַליעט אים אַ פּאָלע —
ס׳וויל מיטגיין אין די געסלעך — נויט באַדעקט) . . .
נאָר שמשון ברומקעט, פּרואווט זיך אין נגינה
און פאַלשעוועט דעם טראָפּ, פאַרגעסט אַ וואָרט
און כאַפּט זיך בעסער זאָגן אויף מבינות :
„דער חזן משה, תורה מיט נגינה פּאָרט״.
אין שמשונס אָרים הויז דער שבת ליכטיקט,
און ס׳וואַרט שוין לאַנג אַ שיין געגרייטער טיש,
דער אַלטער טישטוך פרישט און פּאָרכטיק ציכטיקט,
עס שפּיגלט פרום דער רעטעך, פאַרקילטע פיש.
די שטילע דבורה ברייננגט געבלומטע טעלער
מיט פאַרנדיקן טשאָלענט ווי פון זאָט,
זי איילט מיך אונטער : „עס ! עס אביסל שנעלער !
כ׳האָב נאָך, אין שיסל ליגט אַ גרויסער סוד,
אפילו תורה לערנען דאַרף מען קרעפטן.״
און שמשון כאַפּט איר אונטער : „האָסט רעכט,
מיין ווייב, נאָך מער פון קעלבי, פון געשעפטן —
עס מוטשעט אויס דאָס לערנען אין די נעכט.
זיי בעטן מיך — פּאָר זיי — פאַרטייטשן פּסוקים,
דעם אינהאַלט אין דער סדרה פון דער וואָך,
פון גאַפּונג גרינג באַ זיי די ליפּן צוקן
אַ שיינקייט טוט זיי אויס פון וואָר און יאָך.
מיט הערצער אָפענע, ווי צו אַ תפילה —
זיי זיינען טועם, שלינגען יעדעס וואָרט,
נאָר ס׳ווינט פון זיי עקרה׳שאַפט — אַ שטילע,
מיט אומעט גלי און קדושה די אויגן געקלאָרט.

איך ביינק צוריק אין אונזער אָרים שטעטל
און פיל פאַרלאָרן אין דער ווייטער פרעמד,
אַ הוגט פון ד׳ר׳היים וואָלט איך דערקענט, אים גלעטן
אין מיטן גאַס און ווײַנען ניט געשעמט.
מיר זענען פרעמד די גאַס, די שטילע בוימער
אין זייער שטילקייט דאַכט זיך מיר, אַז ס׳שרייט:
„דו ביזט געקומען לערנען תורה, כלומר׳שט,
און פאַלסט צולאַסט די גוטע, אָרימעלייט.
דער ליבער בלעכער — אַ מטופל־בנים,
ער שלאָפט מיט צוויי און דו אויף זיין טאַפטשאַן,
מיט שוויס דער וואַסער־פירער פונם ברונים
טראָגט וואַסער, הונגערט אָן אַ פערד אין שפּאַן.״
ווי פינגער, דאַכט זיך, טייטלען אָן די צווייגן,
די זון גייט שטיל און שטענדיק הינטער מיר;
אַ בושה היץ אין פּנים טוט מיר שטייגען,
ווען איך דאַרף עפענען אַ פרעמדע טיר.
אויף פרעמד געלעגער כ׳האָב קיין אַנדער חלום
ווי נאָר איך גיי און גיי אַהיים צופוס,
אַז וואַלד און טאָל מיט מיר זיך שלומט,
אַ שליאַך, אַ פעלד איז מיר פון ד׳ר׳היים אַ גרוס.
נאָר ווי דער טוי אָט די חלומות קומען
און ווערן גיך פאַרשוואונדן אין אַ תהום,
עס בלייבט פון זיי אפילו קיין סמנים
ווי אויפן ברעג — פון שושקנדיקן שוים.
נאָר יונגע יאָרן — פערד מיט ווילדקייט פיבער —
אַדורך מיין סודותדיקן לעבנס טאָל —
מיט שטאַרקייט, שנעלע כוואַלין מיך אַריבער
און לאָזן נאָר אַ זכר אין דער יאָרן צאָל.

מיר האָבן ניט קיין יחוסדיקע שלעסער —
זיך טורעמען אויף וועלט באַרימטע בערג,
מיט מעשיות וועגן פּרינצן און מעטרעסעס
און יאַגד־הינט באַזונגענע אין פילע ווערק.
מיר האָבן נאָר אַ קליינעם באַרג... „גלבוע“,
אַ האַלב פאַרשאָטן ווייַנענדיקע וואַנט,
אויף וועלכער ס'קלאָגט נאָך אונזער לאַנגער טרויער,
צוויי טויזנט יאָר באַהיט פון גורלס האַנט.
אויף באַרג גלבוע ז'אונזער גאָטס געזאַלבטער
געפאַלן — דער ערשטער מלך מיט זיין זון —
אין גרויס טראַגעדי; אויף דער וואַנט געהאַלבטער,
פאַרשטילט דער פלאַטער־רויש פון אונזער פאָן
ווי אין אַ מענטשן — טויט פאַרשטילט דעם אָטעם,
לעשט אויס נשמה פונם בלוט און פלייש.
געוואָרן זיינען מיר פון זיך אַ שאָטן
און אויסגעצאַנקט האָט אונזער עמוד־אש;
דער שווערער טרויער שוין אַ ים אָן ברעגן,
דער עמוד ענן איז געוואָרן אונזער קלייד,
דער נעכטן חושך, מאָרגן שרעק אויף וועגן, —
פאַרלאָזט פון פרייד און שלאָף, פון האַס באַגלייט.
לאָרד בייראָן! האָסט זיך דיר אַן „עמסטעד עבי“
אַ פעסטונג פון משפחה־דורות שטאַם,
אַנטיקן דרימלען דאָרט אין חלום־נעבל,
אויף אַלטע שווערדן גלאַנצט דער זיגן פלאַם.
באַ אונז — איז שמשון, מאַמע ברײנע, רבי יואל'ק —
די שטאַרקע פעסטונג — אָן שווערדן און אָן ווענט —
און אָט די גלאָרי, גייסט אויף אייביק הייליק —
איז ווי די זון — ווערט קיינמאָל אויסגעברענט.

די שאָטנס וויקלען שוין די ערד און ס׳גידערט
דער אָוונט אויפן קלאָרן בלענד פון שניי,
אַ שטילער שטייט דער וואַלד פון פראָסט פאַרגליווערט —
אין ווייסן קלייד פון כישופדיק געניי.
דער שליאַך און פעלד אין איינס זיך אויפגעגאָסן —
אַ ים — אַ ווייסער — ווייטער אָן אַ סוף —
מיט טויזנט כישופן אין אים פאַרשלאָסן:
מיט ווייכער רו, פאַרעטערישן שלאָף.
שוין שעהן לאַנג פון פייער ניט אַ פינטל,
אויף וויערסטן, וויערסטן מאָנאָטאָנער ווייס,
קיין גוי׳ש שטיבל, קיין בילן פון אַ הינטל,
און ס׳בייגקט זיך, בייגקט זיך נאָך אַן איבערייס;
זיך אויסטון פון די גלאמפע ווינטער קליידער,
די אויגן רוען פונם קאַלטן בלענד,
דערפילן גריגגע וואַרימקייט — אין חדר,
באַשיצט זיין פון אַ דאַך און שטאַרקע ווענט.
מיר דאַכט זיך שוין אַז ס׳וועט קיין סוף ניט נעמען,
אַז מיד, פאַרדרימלט שווימען זיך די פערד
אין ווייסן ים וואָס מיט אַ פלאַן און סכעמען
צעגאָסן ליגט אויף גאַנץ אוקראַינעס ערד.
אַ קליינער פליט, — דער אָפן, פלאַכער שליטן,
אין ווייסן צויבער וויגט זיך, ווערט ניט איינגעוויגט,
מיר זיינען ווי אַ שיפברוך — אינדערמיטן
אַ ים און ווייסן ניט וואו רעטונג ליגט.
נאָר שטיל און רואיק זיצט דער גוי, דער טרייבער
און אָפט אַ פלעשל פונם בוזים שלעפט,
און מיר — געפאַנגען, שטילע מוזן בלייבן
אין זיין רשות, זיין היימישקייט פון סטעפּ.

דאָס פּלוצלונג ליכט די אויגן מיר פאַרזשמורעט.
אויף מיינע קאַלטע באַקן פיל איך גלעט
אַ ליבע וואַרעם, זיידן ווייך זי ניורעט
מיט דינער רו, צום לייב און בלוט זי רעדט.
אַ פרוי מיט זאָרג און פריידן אין איר פּנים —
(פון אומגעדולדיק וואַרטן ערשט באַפרייט)
באַגריסט איר מאַן, ווערט שוועבנדיק, פאַרנומען,
און וואַרפט אויף מיר אַ בליק ווען זי האָט צייט.
זי ברייגנט צום טיש אַ קאָרן ברויט,
אַ קריגל הייסע מילך, אַ פּאָרע שרויפּט
די לופט, אַ ווייך און דרימלענדיק באַרוטע
צערינט זי, ווי חלום פאַר דער וואָר צעלויפט.
איך וואַש זיך, שעפּטשע אָפּ שאו־ידיכם
און זעץ זיך ווידער צו אַ פרעמדן טיש,
נאָר דרייסטער כ׳טונק אין זאַלץ דעם מוציא־לחם:
„פאַרדינען — ס׳ועט באַטעמט זיין יעדער קריש.“
דער דאָרפסמאַן רעדט צו מיר, ווי צו אַ רבין
וואָס קען די גאַנצע תורה, וויס דעם סוד
פון יעדער וואָרט און אות — מיט פּירושים זיבן —
באַהאַוועגט גוט אין יעטווידער געבאָט.
פון שלאָף — מיר ווערן מיד און האַרט די אויגן,
אין יעדן אבער שיכורט שוין די זעט
און די מחשבות ערגעץ ווייט צעפלויגן —
מיר דאַכט זיך אַז די נאַכט, דאָס הויז ז׳אַ בעט.
נאָר מיט אַמאָל כ׳ווער בליציק דורכגענומען
פון אויגן טיף און פייערדיק צעגליט
און אין די בליקן כישוף לשון פרומער,
די באַקן — פון דער יוגנט, ראָז־צעבליט.

**געשטיקט** פון אומגעדולד, אַן אויפגעקאָכטער —
דער דאָרפסמאַן טוט האַלבע רייד אַ שאָט:
„נו גיכער! ריר זיך! וואָס איז מיט דיר היינט טאָכטער!?
היינט עפנט זיך דיין שולע אין דער שטאָט!"
געלאַסן, האָרציק בעט זיך אויך די מוטער:
„אוי, הענעלע, וואָס איז דיר היינט מיין קינד?
נעם, טאָכטער, טו זיך אָן מיין נייעם פוטער,
ס'אַברענענדיקער פראָסט, אַ שאַרפער ווינט."
און הענקען — פון די הענט ווערט אַלץ צעפאַלן,
זי רירט זיך קוים מיט שלעפערדיקע טריט.
אין אירע אויגן מחשבות טריבע שטראַלן
און ווערן אויף די באַקן רויט צעגליט.
אַ טיפע שטילקייט, אַ געפערלעך שווייגן
דאָס יונגע האַרץ אירס, די נשמה דריקט,
אָט — חס ושלום — אין אַ שטורם שטייגן —
אַ שטורם וואָס מע ווערט פון אים דערשטיקט...
אין גליק באַפרייט מע זיך פון אים — נאָר זעלטן:
(ווייל שענער איז דער חלום פון דער וואר),
אויף אייביק לעבן אינם מענטש צוויי וועלטן,
דאָס בייגקען נאָכן ליכטיקן קאַיאַר —
און חלום אויפגעלויכטן אין אַ רגע,
געצונדן פון אַ וואָרט צי פון אַ בליק.
אָ, וויפל ליידן, וויפל טרערן ליגן
אין חלום וועג? דאָך וויל מען גיין צוריק.
און ווען ניט ווען עס כאַפּט זיך אויף אַן עכאָ,
ווי פון אַ משה'לע דער וואונדער קלאַנג,
אין האַרצן ווי אין אַש מע זוכט אַ זכר
פאַר דעם זכרונ'ס לאַנגער צונג, דער צוואַנג...

צום ערשטן מאָל האָב איך דערזען דעם ווינטער,
וואו ס׳ווערט זיין פּראַכט פון קיינעם ניט געשטערט:
דאָס דאַרף אין ווייסן חלום אַ פאַרשפּינטער,
דיביימער, כאַטעס — תּפילהדיק פאַרקלערט.
אויף אַלץ זיין ווייסע קלייד, אין פראָסט געגליטע,
אַרויפגעוואָרפן אָן אַ וואָרנונג, אין איין נאַכט,
און איז דער הערשער איבער אַלע גיטער
חדשים לאַנג פאַרכישופט אין זיין מאַכט.
די זילבער שטערן שפּרייטן פריען דעמער
אויף שטילער ערד אין פלאַמיק ווייסן קלייד
און ברייינגען פרי די בלויע נאַכט — פאַרנעמען
דעם צווישן ערד און הימל — וויט צעשפּרייט.
לבנה שוועבט דורך מילך־וועגס ווייסע פלאַמען
מע הערט דעם נאַכט־ווינט גיין פון בוים צו בוים,
זיך סודן מיט די צווייגן און די שטאַמען
אין שניי, אין אייז געפּעלצט זיך רירן קוים.
ווי גוט, ווי שיין צו זען אין די פאַרטאָגן,
אַ יונגער טאָג הויבט אָן צו ווערן וואַך,
אַ סודותדיקע ביינקשאַפט הויבט אָן נאָגן,
אַז ס׳לעשן אויס די שטערן און די נאַכט.
די כאַטעס שטיל, אין זיך פאַרניורט, ווי היגער,
וואָס וואַרטן אַז דער האָן זאָל טאָן אַ קרעה, —
קיין סימן ניט פון בליען, ניט פון גרינען,
ס׳איז יעדער בוים אַ הייליק, ווייסער סנה.
די גערטנער ווייס צעשפּרייטע אין גיליונות
און איבער זיי דער לייכטער ווינטל שיפּט,
באַם נייעם טאָג דערוועקן די רעיונות,
אויף קלאָרן שניי וויל צייכענען אַ שריפט...

עס סקרוכט דער שניי אין פראָסט און שאַרפע ווינטן;
באַם טיר דעצעמבער, אויפן שוועל יאַנוואַר;
די גוישע חגאות ווערן נענטער
און אין דער לופטן אָטעמט מיט געפאַר.
די אויגן באַ די גוים אָנגעצונדן
און אַזאַ שאַרפער בייזער גלי זיך וועקט;
די אידן אומעטיקע, ציילן שיער די שטונדן —
אין גרויסן פּחד פאַר די חגא־טעג;
ווען שווער און אימהדיק די קלויסטער גלעקער
צעקלינגען זיך און רופן אויף אַמאָל
דעם גוי (מיט בלינדער פאַרכטיקייט אים שרעקן);
די תיפלות ווערן ביז די טירן פול.
ווען אויפן טייך — אין אייז — מע שניידט אַ צלם,
מע גיסט אים אָן מיט בוראַק זאַפט ווי בלוט,
ס'דאַרף הייסן: סבלוט פון יוזל. דער גוים עולם
שטייט אויפן טייך מיט שטייגנדיקן גלוט.
דערנאָך ווי מחנות קראָען אָנגעפלויגן —
אויף אָפּרו לאָזן זיך אַראָפּ —
די גוים קניהען פרום, פאַרמאַכט די אויגן,
זיי מאָליען זיך און צלמען דאָס האַרץ די קאָפּ,
און וועגן יוזל פרעפלען דאָרט גלחים,
(פון זיין געבורט און פון זיין טויט מע רעדט),
אויף אידן מאַכן זיי בלבולים, פלוכן
און שפרייטן שרעק אין דערפער און אין שטעט.
אויף וואָכן לאַנג פאַרמאַכט מען אַלע שולעס,
אויף חגא יעדער שילער פאָרט אַוועק,
וואו ס'איז זיין היים, דאָרט פראַווען קאַניקולן,
אין פרייד פאַרברייגגען זייגע חגא־טעג.

אין הויז איז שטיל און דאַכט זיך אַלע שלאָפן,
בלויז הענקע איז נאָך וואַך, די עס־שטוב קערט;
פון צווייטן חדר טוט איר מאַמע רופן,
נאָר הענקע שמייכלט און דעם רוף פאַרהערט...
קאָנפעקטן ציט אַרויס פון פולן בוזעם
און צניעותדיק זי וואַרפט זיי גלייך צו מיר,
איך כאַפּ זיי אין דער לופט, די שטומע כרוזים,
און פיל ווי כ'וואָלט איר יונגע לייב באַרירט.
כ'פאַרגין זיך ניט — די וואַרעמע פאַרזוכן,
באַהאַלט זיי, מיט מיין קישן צוגעדעקט,
האָב מורא: די פּאַפּירלעך וועלן סקרוכן
און פיל אין בלוט מיינס עפּעס וועקט זיך, רעגט.
ווען הענקע נענטערט, (ס'שמעקט פון איר מיט בעזן)
און זעצט זיך צו אויף מיין געלעגער ברעג...
ווערט ס'האַרץ אַ שוואַלבל אין מיין יונגן וועזן,
פון פרייד צעשראָקן ס'ערשטע מאָל אין יוגנטס טעג.
זי שפּיגלט זיך אין מיינע שוואַרצע אויגן
און מאַכט צורעכט איר לאַנגען, שוואַרצן צאָפּ,
פון זייט אויף זייט, אין שווייגן טוט זי בויגן
איר שיין און קיילעכדיק, ברונעטן קאָפּ.
אַ שלעפערדיקער, מיד איר גוטער טאַטע —
(האַלב וואַך, אין רעיון, עפּעס אויסגעקלאָרט),
מיט פּאַטערלעכער זאָרג, דערפאַרונגס חשד'ען —
ער רופט איר: „הענקע וואָס טוסטו דאָרט?"
כ'שלאָף איין, דער חלום טראָגט מיך אויף זיין פליגל,
פון יוגנט־מלאך'ס קוש גליט לאַנג די שפּור,
כ'זע גליק און פרייד אין חלומס טיפן שפּיגל,
נאָר מיטאַמאָל כדערוועק זיך — ס'איז קאַיאָר.

און הענקע רופט מיך אויף בין־השמשות דרויסן:
„קום, לעני, ווילסט זען אַ פּאָזשאַר?!“
און איך פון נייגער נאַרישן געשטויסן,
(ניט איינמאָל שוין געמאַכט פון מיר אַ נאַר)
בין קינדעריש מיט איר אַרויסגעלאָפן
צו זען די שׂרפה, וואו און וואָס עס ברענט.
געענדערט אין דער ווייסער ווייטקייט — אָפן —
אַ גרויסע, פייערדיקע זון צעבלענדט,
און צווישן הימל, ווייסן פעלד — צוויי ים׳ען —
זי הויערט, רירט ניט אָן דעם האָריזאָנט.
עס דאַכט זיך: באַלד צעשמעלצט זי זיך אין פלאַמען —
און אַלץ אין דעם בראשית־סוד דערמאָנט.
אין גרויס פאַרוואונדערונג כ׳קער אָפּ די אויגן
און הענקעס פייערדיקן בליק כ׳דערזע,
די ליפּן נאָנט צו מיינע, ווי צו זויגן
מיין אָטעם צי די לופט (ווי ווייַן געוועזן),
צי עפּעס זאָגן מיר אַזוי — אָן ווערטער,
פון האַרצנס און נשמהס טיפער שפּראַך,
אויף וועלכער ס׳קענען זיך פאַרשטיין באַשערטע,
ווען ביידנס הערצער יונגע, ווערן וואַך.
כ׳פאַל צו צו אירע פיבערדיקע ליפּן,
מיט אויפגעוואַכטן ברען פון יונגן בלוט,
ווי פעטן ווייַן, פון מויל, אַ קוש טו זופּן —
ביז אויף מיין ברוסט איר קאָפּ פאַרשיכורט רוט.
די גרינגע הענט אַרום מיין האַלדז זי קלאַמערט,
די אויגן אָט־אַ אָפן, אָט פאַרמאַכט,
אָט שווייגן מיר, אָט האַלבע רייד זי שטאַמעלט
און עפּעס אומפאַרשטענדלעכעס אין מיר דערוואַכט...

נאָך יענער נידריק, וואונדערלעכער שקיעה,
(וואָס האָט מיט פלאַם פאַרגאָסן רויט דעם שניי) —
עס האָבן אויך אין טיפן, ריינעם גליהען
זיך אָנגעצונדן יונגע הערצער צוויי
מיט יענעם העלן פייער — אָן אַ שאָטן —
פון אויסגעבייגקטן, ברענענדיקן קוש,
וואָס יעדער איינער פאָלגט זיין גרויס געבאָטן,
ווען ס'ווערט אין אים דערוואַכט געהיימער חוש..
און ווען ס'האָט דאָס פייער אויסגעמיטן,
אַ לעבן לאַנג אים פייניקט אַזאַ דאָרשט,
אַ לעבן לאַנג גייט אום ער ווי פאַרשניטן,
פון זיינע טריט אַ שטומער וויינען שאַרשט.
אַ בייגקשאַפט טוט אים אייביק, אייביק נאָגן,
אַמאָל ער האָט די פרייד און לייד פאַרפעלט,
און ווי אַ שווערן סוד טוט תמיד טראָגן,
אַ שולד צו זיך אַליין און צו דער וועלט.
וויל איינער עס פאַרבייטן מיט עשירות,
פאַרבייטן מיט אַ שיינעם מאָנומענט,
וועט נאַרן זיך אַליין נאָר — דעם פאַרלירער,
ווייל ס'ברייינגט פאַרגעסונג נאָר אויף איין מאָמענט.
און ווי אַ ווידער־קול פון בלוט ס'וועט עכאָן,
דער קיינמאָל ניט פאַרשטילטער פייער רוף;
אַזאַ ס'דערקענענ אַלע, ווי אַ צייכן
פאַרשניטן ס'וואָלט די בייגקשאַפט אין זיין גוף.
דאָס זיין אַליין פאַרשטעמפלט אים מיט אומעט,
ווי פון אַ ווייטאָק פרירט אין אים דאָס בלוט,
ר'איז צווישן מענטשן קאַלט, אַ פרעמדער תמיד,
אָן אויסגעוועפטער פון דער פרייד און מוט.

פינף וואָכן! ניין! קיין פּופּציק יאָרן
פון לעבן רייך, פון פאַרגעניגנס זאַט —
מיר וואָלטן ניט פאַרקריצן אין זכרון,
ווי יענער דאָרפיש, ווייסער חודש שבט.
יאָ, הענקע, ווי רגעס שנעל פאַרזינקען וואָכן,
האָט יוגנטס הייסע שבועה ניט קיין ווערט ? !
ניט איך האָב אונזער גליהיק וואָרט געבראָכן,
דעם בלוטס געהיימען ווילן ניט געשטערט.
איך — קען ניט זיין דער וואָרס אַ דינער,
איך בין דעם חלומס אַ געטרייער קנעכט,
פון טרוימען (אָפּגענאַרטער) בין איך אַ שפּינער,
(ס'זעט אויס דיין מאַמע איז געווען גערעכט).
דיין אָפּבילד וועקט מיך אָפּט פון טיפן טראַכטן,
אַמאָל לעבסט אויף פאַר מיר אין זונפאַרגאַנג ;
איך זוך אַ טרייסט אין קלאָרע שבט פאַרנאַכטן,
צום האָריזאָנט כ'קוק נכנהדיק און לאַנג.
און לאַנג שוין כ'גלויב פאַרשלייערטע מזלות ;
דער שוואַרצער אומעט מאַכט מיר בלינד די פרייד,
כ'זוך היילונג באַ די לערער אין די שולעס,
אויך באַ צדיקים אין די גוטע רייד.
און אין דער וועלט פון וויזיעס אָפּט כ'פאַרוואַנדער,
נאָר אָפּט אַ בלינדער כוח שטויסט צוריק
צו דאַרער וואָר און לעבנס שמאָלע ראַנדן,
וואו מ'איז זיך מקריב פאַר גענאַרטן גליק.
דאָס גליק אין וועלכן כ'האָב ניט קיין אמונה
און קיינמאָל, קיינמאָל ניט געהאַט קיין לוסט,
ס'ציט אָן דאָס לעבן שטייפער פון אַ סטרונע,
און קיינער ווייסט ניט וואָס איז זיין פאַרלוסט.

אין ווייַנענדיקן ווינט, אין רויש פון בוימער,
אין רו און דממה הער איך נאָך דיין קול:
דאָס פעלד, דער וואַלד זיי ווערן מיר געהיימער,
ווען סטוט דיין נאָמען פון מיין צונג, פון מויל
אַלייַן אַרויס. פאַרבייַנקט כ׳טו לאַנג דיך רופן:
קום, הענקע, קער זיך אום און זיי ווי פריר!
אַן עכאָ, ווי פון איינעם בגילופין
אַלץ ווידעראָלט מיט חוזק, לאַכט פון מיר.
אין גרויסע שטעט, אויף טומלדיקע גאַסן
אויף דאָרט האָב איך מיין יונגע האַרץ געערט
דיך רופן און געזוכט דיך אין די מאַסן —
געבליבן ווייטאָקדיק, אנטוישט פאַרקלערט.
ס׳אַ רוף ניט איבערגעבן אויף קיין לשון,
ניטאָ דערויף קיין ווערטער אין אַ שפּראַך,
ווי ס׳פייער פון דער זון ווערט ניט פאַרלאָשן,
ניט איינגעשטילט, ווי ווינט פון אייביק וואַך.
און כ׳ווער ניט מיד אָט ווי אַ איד אַ פרומער
פון עהרלעך דאַוונען, פון טיף געבעט —
פון לאַנגן בעטן און פון תפילות שטומע,
וואָס מיט מחשבות שטילע, רייַנע רעדט.
און פון דינעם שלאָף ווען כ׳טו זיך וועקן —
אויף מיינע ליפּן איז דאָס פריסטע וואָרט:
דיין נאָמען, כ׳טו די הענט אין חלל שטרעקן,
אַזוי ביז מיין געדאַנק ווערט אויסגעקלאָרט.
ס׳פאַרשווינדן שאָטנס פונם שלאָף און חלום,
ס׳קלאַפּט אַן די וואר מיט זאָרגן און מיט עול,
ס׳ווערט שטאַרק דער טומל פון הבל־הבלים,
וואָס שרייַט אַריבער טרוימס און טרוימערס קול.

**איצט** זענען שווערע שאָטנס — טיף ווי תפיסות —
צעשפּרייטע צווישן אונז — אַ טרויער טיול —
און הונדערט, טויזנט מייליקע געוויסערס,
דער טויט — צווישן אונז אַ טויבער גבול.
ביסט לעבעדיק נאָך אין מיין שטילסטער רעגונג,
כאָטש כ׳וויס ניט וואו דו ביסט, אין וועלכן אָרט,
מיין מידע וויזיע, שטיל פון ווייטער שוועבונג —
צוריק קומט טרויעריק, קיין זאַך ניט קלאָר.
און אָפטער — פון אַ אומעטיקן חלום,
מיר שאָטנט ס׳פּנים מיט מחשבות־שווער,
און בשורות גרויליק, ווי פון טויטן טאָלן —
דערטראָגן זיך איבערן ים אַהער.
איך האָב געהאָפט אַז דו ביסט מיין באַשערטע,
דיין שיינעם קאָפּ אויף מיין באַגליבטער ברוסט
וועסט רוהען, פאַרגעמען מיינע ווערטער —
און כ׳שמאַכט אין וואַרטן אייביקן און פוסט.
נאָר צייט — געניטע אַם —— וועט ניט פאַרשטילן,
וואָס ס׳האָט צעצונדן זיך אין יונגן בלוט, —
און שווערע ליידן ניט טויטן די געפילן,
וואָס פלאַמען אויף דאָס האַרץ אין איין מינוט.
ווייל טרוים איז ניט קיין אָפּגאָט און ווערט אמת —
אויב ריין און ערלעך איז זיין שיינער צוועק,
ער ווערט דערנאָך באַזונגען אין פּאָעמעס,
דערוועקט בטחון, ליכטיקט אויפן שווערן וועג.
נאָר בלינדער טויט קען אַלעמען פאַריאָכן
צום טיפסטן שווייגן, אייביקן ניט קלאָר
און ס׳האָט נאָך קיינער זיין באַפעל געבראָכן,
זיך ניט געראַטעוועט פון זיין טעראָר...

**איך** שרייב אייך, ליבע טאַטע מאַמע, מיינע
צו שטילן —אייער זאָרג פון פיל מעת־לעת:
אַז כ׳בין ניט מיט גנבים און ציגיינער —
אַנטלאָפן אין דער שיינער שטאָט „אָדעס״.
אין אונזער תחומיק, גענעצדיקער שטעטל
איז רחבותדיק דער אָרימקייט, געראַם,
די טרערן פון פאַרלאַנג — טרינקט אויס דער בטול
די האָפנונגס־בליט שטאַרבט פרי, ווי פון אַ סם.
מע איז אין היגער פלעט פון צייט און מעמד
און איינגעשרומפן פאַר אַ לעבנס בליאַסק,
נאָר איינגעשפאַנט אין צער און צאָרנס כאָמוט,
צום סתם־אַזוי — אַ לעבן מ׳איז פאַרקנסט.
נאָר ס׳רייפט שוין מיין באַגער, ווי פרוכט אין דממה —
און וויל אַרויס — אַן אָדלער פון זיין נעסט —
מיט אויגן בליציק פונם הונגער, שטומע —
אויף פלי צו גרויסע זאַכן אין פאַרמעט.
אין שטעטל וועלקט די פרייד, ווי האַרבסט די בלעטער,
און ס׳לעבן וויקלט זיך אויף אייביקס שפול,
און אַלץ פאַרשטופט מען אויף להבא, שפּעטער —
וואָס ערגעץ אין אַ שטילן שאָטן טאָל.
מיין האַרץ פון יונגן טרוים איז אָנגעצונדן,
כ׳בין וואַך פון נייעם לעבנס אָנגעריר,
דורך טויערן פון מאָרגן גיין צום וואונדער
וואו אָרט און חלק מוז אויך זיין פאַר מיר.
טאָ בענטשט מיך אויף מיין ציל־וועג דעם געוואַגטן,
אַז ס׳מזל — אינם גרויסן, פרעמדן כרך —
אַקעגן קומען־מיר — פון טרוים געפלאַגטער
און זעטיקן מיין האָפענונג וואָס וואַכט.

דאָס לײדיק גײן איז מיר אַ לאַסט געװאָרן;
מיט שאַרפן װײטאַק װערט מײן האַרץ געברענט,
װאָס גוי איװאַן רופט אַלע אידן: „שנאָרער“
און פּאַראַזיטן נאָר אויף פרעמדס געװענדט.
איך האָב זיך לאַנג געפּײניקט מיט מײן חלום,
װי מיטן לײדן ס׳פּײניקט זיך מײן שטאַם
(און טרײסט זיך מיטן הבל־הבלים) —
געשלאָגענער פון לאַנגן גזרות־פּלאַם.
די גרױסע װעלט װעט זײן מײן לערער,
מײן לעבעדיקער טרױם געפינען װעג,
מײן מוט װי מאַי־װינט — טרײבן אַלע שטערער,
װי שטאַרקע כװאַליע טרײבט דעם שױם צום ברעג.
מײן האָפענונג זאָל מיט געזאַנגען שנײדן
װאָס איך מיט עהרלעך, טיפן גלױבן זײ,
דעם מזלס שטראַל זאָל מיך שױן ניט פאַרמײדן,
מיך ניט פאַרטרײבן פון דער קעמפער רײ;
װײל כ׳קום פון דורות לײדן אַ געברענטער,
געיאָגט פון האַס װי פון אַ װאַסער בראָך,
דער נצח װיקלט מיך אין נס געװענטער
דער עקשן אין סכנות גײט מיר נאָך.
דאָס קול פון דורות װעקט מיך שױן צו טאָטן
און רופט מיך פאַר דאָס נײע זײן געגרײט,
מײן װילן, מײן פאַרלאַנג ט׳מיך ניט פאַראַטן,
באַגער װי זון נאָר איבערנאַכט פאַרגײט.
דאָס גרױסע ליכט — גאָטס חלום — איז אויך מײנער
און מײנע אויגן גליהען מיט מײן טרױם,
װאָס װעט װי שטערן אויפן הימל שײנען,
צי װי אַ טױ — אין זון — אַ גלאַנץ טאָן קױם.

די פרייד פון אויסגעפייניקטע באַגערן —
האָסט גיך פאַרשטומט אין מיר, אָ, יונגע שטאָט,
„אָדעס" אוקראַינעס אויפגעשיינטער שטערן!
כאָטש פריי, אויף אידן קיין פאַרבאָט.
אַ קאַלטער ביס פון אומעטום דאָ לויערט —
פאַרבאָרגן ווי אַ שלאַנג אין הויכן גראָז,
אַ פחד לאַכט פון הינטער הויכן מויער,
דיין נעבלדיקער אָטעם איז אַ שלאָס...
אָ, דו! מיין האָריזאָנט פון שיינעם חלום
דערוויטערסטו אויף מיילן, יאָרן ווייט —
און גרויס איז דיין געהיימע נעץ מכשולים,
נאָר, אפשר, איז עס נאָר דער שרעקס באַדייט?
איך קוק אויף דיר מיט אומעטיקן וואונדער,
אויף דיין גרויסוועלטיק, מעכטיקן פאַרנעם,
די שרעק מיט אייז שופן — אונז האַלט באַזונדער,
דיין גרויע ניכטערקייט מיין האַרץ פאַרקלעמט.
דיין טונקלער אָוונט דאָ — פאַרטרייבט מיין וויזיע,
דאָס וואָכיקע דעם יום־טוב דאָ פאַרלעשט,
וועקט מעלאַנכאָליע־שאָטנס, אומעט ריזן, —
די פרעמדקייט פראָסטיקע דאָס לייב מיינס דרעשט.
דער שווערער גאַסן רויש און טומל האַרבער —
פון טעג און נעכט דאָס האַרט געשריי —
פאַרצוקט מיין יונגען טרוים, אָט ווי אַ שפּאַרבער
דעם שיינעם, גרויסן זינגער דעם „סאָלאָווײ".
און אַלץ וואָס כ'האָב מיט האָפענונג באַפליגלט,
אין העלער שטילקייט גלויביק אויסגעטרוימט,
אויף צווייפלס פליגל לייגט זיך מיד, פאַרשוויגן,
ווי אויפן ים ברעג אָנגעיאָגטער שוים.

אין שטעטל זומער. כ׳וועק זיך אין פרימאָרגנס
מיטן וואַסער רויש, געזאַנג פון סאָלאָוויי;
ניט אויסצושפּילן אויף קיין האַרף, קיין אָרגלס —
דעם ווייטן זאַנגען שאָרך, אַ פליגס געשריי;
אין וואַלד דעם תפילהדיקן רויש פון בוימער
אין זיידענע שאָטנס — דורכזיכטיק און קלאָר,
און ס׳דאַכט זיך: ס׳שוועבט און ציטערט אַ געהיימער
נאָכגעזאַנג פון מלכותדיקן כאָר.
איך קען דאָרט אַלע טייכן, בוימער, גראָזן,
איך ווייס ווען יעדע פּרי בליט און רייפט,
געזען די מילב זיך מיהען בחפזון
און ווי דאָס ווערעמדל געפאַר באַגרייפט.
ווי יעדעס בויעט זיך אַ נעסט, אַ נאָרע
און די וואָס דאַרפן אויפן ווינטער — שפּייז,
ווי שווער, געטריי זיי אַרבעטן אין פאָרן
ביז ערד טוט אָן איר קיטל: שניי און אייז.
איך האָב געזען פרימאָרגנס אויג פון מזרח
דעם ערשטן בליק טאָן אויף מיין שטילער וועלט —
מיט וויפל פרייד און ליכטיקייט, און גאָלדרייך
געפלייצט אויף אויסגעדורשטן באַרג און פעלד.
פאַרטאָג געוואַשן זיך די פיס אין טויען,
דעם דימענט שטויב צעליכטיקט אויף מיין הויט,
און אָפּגעשפּיגלט טראָפּנס הימל בלויען, —
אין קלאָרער זון געפינקלט רובין רויט.
אין אָוונט אין לבנהשיין פאַרכישופט —
אויף פליינען רו, אויף ווייטע פעלדער טרוים
אין פלאַמיקע —מחשבות אַלץ געזען פאַרישובט,
דער שטילער טייך, דאָס נידריק גראָז און בוים.

און דאָ — דער נויט געשריי — וועקט גרויע מאָרגנס,
דער הונגער טייעט זיך אין מידן שלאָף —
אין פינצטערן טונעל — דער נאַכט — פאַרבאָרגן,
ער ליגט נאָך ווי אַ שטילע, שוואַרצע שאָף.
נאָר מיט דער זון דערוואַכט ער, שרייט און פּילדערט
אויף יעדן מאַרק, אין יעטווידער פאַבריק,
פון אייביק אָן און אויף אייביק — ניט געמילדערט,
(און פריסטער נאַרן, זאָגן צו דאָס גליק).
אָט גייען מענער, פרויען איינגעהאָרבעט
אונטער קאַראַמעסלעס מיט שווערע קאַנען מילך,
זיי יאָגט דער עול, (געשריי פון דלות טאָרבע) —
צו די „פאַנטאַנקעס" ווייט פון רעדער הילך;
וואו קליינע הייזער צווישן גרינע בוימער —
באַהאַלטן זיך, ווי שעפּסן אין אַ וואַלד;
די אויסגערוטע רייכקייט איז דער שומר,
וואָס לאָזט ניט צו — פון מי און נויט דעם גוואַלד.
אין שטאָט טוט ציטערן די ערד פון לאַסט־וואָגנס,
זיי ציהען פון און צו דעם גרויסן פאָרט,
פאַרמעגנס צו די פרעמדע שיפן טראָגן,
די פּראַצי פירן צו אַ וויטן אָרט.
דיין אָרימקייט שטייט אויף ווען ס'הויבט אָן טאָגן,
אַ וויינענדיקע גייט פון הויף צו הויף,
אָן אומעט, טרויער אין מיין האַרץ נעמט נאָגן
פון די געשרייען: „קאָלבאַס" „סקאמבריעס" ק־ו־י־פּ־ט!"
אין טונקלע הייזער עפּענען זיך טירן
וואָס שאָטענען געהיימקייט און פאַרדאַכט,
טיף אין דער עפענונג מע זעט ניט קיין קאָלירן,
נאָר דומפּע שוואַרצקייט, גליווערדיקע נאַכט.

**פֿאַבריקן** פֿייף, פֿון קוימענעס ווי שדים,
די וואָלקנס שוואַרצער רויך — די פּראַצי פּאָן —
פֿאַרפֿרי זיי וועקן, רופֿן צו עבֿודה —
דעם אַרבעטסמאַן אין יאָכן אָנגעטאָן.
ער גייט, ער גייט פֿאַרמאַטערט נאָך פֿון נעכטנס,
פֿרימאָרגן שלאָף אים דראָזשט דאָס מידע לייב
און שווער דער קאָפּ פֿון זאָרג און מצבֿ שלעכטן,
(פֿון יעדן פּראַצי טאָג אַן איבערבלייב).
פֿון מי — דער בליק פֿאַרטונקלט, אַ פֿאַרטעמפּטער,
אַ בלאַסער שווייגן פֿון זיין פּנים שרייט.
ס׳אַ, מאַסן קראַפֿט! אַ כּוח, אַ געפּענטער!
פֿאַרכישופֿטער פֿון גאָלד־גלאַנץ, רייכע לייט!
דער דאַרער הונגער טרייבט אים אָן — בנסתּר —
דורך הויכן אייזן טויער אין פֿאַבריק,
אַוואו געפֿאַנגען פֿון זיין דאַלי וויסטער
פֿאַרדינט זיין ברויט, פֿאַר אַנדערע שאַפֿט גליק.
און ס׳ציבדן, לעשן זיך דאָרט קרעכצן, קלאָגן,
נאָר ס׳שרייט זיי איבער גהינומדיקער רעש
פֿון די מאַשינען, דעם רייכענס ריוח־וואָגן,
דעם נגידס אייביק הונגעריקן טאַש.
דער אָוונט קומט שוין לאַנג אַרויס פֿון נעבל,
ווען מתּימדיק דער אַרבעטסמאַן פֿאַרבלאַסט,
אין פּיין פֿון אַרבעט און אין זאָרג פֿאַר לעבנס,
געבויגען גייט פֿון טאָג, ווי שווער מיט לאַסט;
פֿאַרמאַטערט, אָנגעפּאַקטער אין טראַמווייען,
די בלינדע נאַכט אים שווער אַהיים באַגלייט,
פֿון מאָנאָטאָנער אַרבעט טויבט זיין רעיון,
עסט אָפּ, גייט שלאָפֿן שווייגנדיקערהייט.

די צדקות און די רשעות דורך איין טויער
קומען אין די סדום ועמורה שטעט,
און דו, אָדעס, ביסט סטראַ'ס פעסטונג־מויער,
וואו שלעכטס און תאווה אײדל לשון רעדט.
וואו רויבער און דער רייכער — שווינדל וועגן
אויף גאָלדנער וואָג, דער רופט זיין מאַכט געזעץ,
דער ס'וואָרט זיינס אמת — קיינעם אָפּצופרעגן, —
דעם אָרימאַן זיי האַלטן אין זייער נעץ.
זעסט איינעם בלייבן שטיין באַ אַ וויטרינע,
וואו ס'ליגן גאָלד און דימענטן צעשטראַלט,
זיין זאַטער פּנים ליכטיקט אויף און מיניעט,
די אויגן פלאַמען אים מיט גיר און גוואַלד.
אַ צווייטער שטעלט זיך אָפּ באַ אַ פענצטער,
וואו ס'פרישן זעמל, טאָרט — זיין טעם צערייצט,
ער זופט דעם ריח און גאַרט אַ ברייטל — ס'קלענסטע,
שלינגט הונגער־סליונע פון דער צונג צעפלייצט.
און ווער האָט צוגעשניטן דאָ דיין מאַפּע ?
דעם אָרימאַן אין ענגשאַפט אָפּגעשטופּט ?
די רייכע רחבות'ן געלאָזט פאַרכאַפּן
און האַלטן זיך געבונדן און געקנופּט.
ווער האָט די נעמען צוגעטראַכט ? „פאַנטאַנקע"
וואו אייביק רוישט און שפּילט דער שוואַרצער ים
און וויט אַוועק פאַרשטיקט די „מאָלדאַוואַנקע"
וואו ס'האָט די לופט אַ גיפטיק, קראַנקן טעם ;
וואו ס'בליהען ניט קיין בוימער, ניט קיין בלומען,
פון שטיינער שרייט אַראָפּ די שווערע נויט,
נישטאָ פאַר מענטשן דאָ קיין מקום דממה,
פון לאַנגע שאָטנס איז דער טאָג פאַרגרויט.

לעבסט אויף פאַר מיר, אַ, גרויע „מאָלדאוואַנקע"
מיט דיין מענטש פאַרמשפטן אין שפלות־קלאַס,
אין ענגע הויפן, אין קעלערס צאַנקן,
פאַרשמאַכט, פאַרלאָזן, זיך וואַלגערן אין גאַס ;
וואו פרויען מיט צעפּאַליוועטע באַקן, —
אויף טראָטואַרן, באַ אויוונס אָנגעפלאַמט,
אין האָוועניש פיראָגן טונקלע באַקן
און פּרעגלען זיי אין פעטס ווער ווייסט דעם שטאַם ;
אויף גרויסע, שוואַרצע פרעגל־פאַנען סע זשיפעט
צעשמאָלצן, ווי אַ דינער, גרינגער פעך —
און מכשפהדיק זיך אָפּט צעכליפּעט,
צעטאַנצט זיך, ווי אַ רעגן אויף אַ בלעך.
פון מוטנעם וואַסער וואָס קאַלקאָטשעט, בויטעט
אין אָנגעפּעצטע, גרויסע שוואַרצע טעפּ —
מע ציט, אויף שנירלעך, וואורשטלעך רויטע,
ווי שווערע, לאַנגע מכשפה צעפּ.
ס׳לויפט כישופדיק פון זיי די דינע פאַרע
און לאָזט אַ טונקל־רויטן גלאַנץ פון פעטס,
דאָס גיט זיי אַזאַ רייכע, פרישע מראה
און רייצט דעם טעם, פאַרשפּרעכט געזונטע זעט.
און פון אַ שוואַרצן, אָנגעבויכטן קעסל
סע הערט זיך אַ קאַלקאָטשעניש, אַ כליופּ, כלויפּ,
אַ פעטע פרוי — גערונדיקט ווי אַ פעסל —
באַסאָווע רופט : „קומט ! קומט ! פאַרזוכט מיין זופּ !
און מענטשן, איינגעמורזעט, אָפּגעריסן,
מיט הונגער אינם פיבערדיקן בליק —
פאַר לעצטע גראָשנס קויפן אין אַ ביסן :
אַ שוואַרץ קאָטליעטל — פאַרעקשנטער פון ביק . . .

אין הויכע הויפן, קינדער אָפּגעריסן —
פאַרקלייבן זיך אַרום דעם וואַסער פּלומפּ,
וואָס איז ניט ווייט פון בית־הכסא —
דער שמוציק, סמיקער חלאתן־זומפּ.
פארוואָרלאָזט אָן די עלטערנס השפּעה
זיי וואַקסן — ניט געוואוינט צו עול און פליכט,
אַז ס׳ווערט זיי קאַרג מעת־לעתן׳ס אַלע שעהן,
(ביז פּילע שטעלט מען יונגע צום געריכט)
אין זינד־נעץ פון דער גאַס און נאַכט געפאַנגען.
מיט אומעט בלוטיקט זיי דאָס ליכט פון טאָג,
עשירות־רייץ, סכנהדיקן ראַנגל
דערוועקט אין זיי מיט גיר וואָס אייביק פּלאָגט —
און פירט פאַרפרי צום אָפּגרונט יונגע לעבנס,
פאַרלעשט זיי אין די פּיינען פון באַגער.
אַ טרויער — ניט אין לשון איבערגעבן —
אויף טאַטע מאַמע לייגט זיך באַרגיק שווער.
צום כסא־כבוד לויפן גרויסע טרערן,
דעם אביונס הערלעכער און הייס געבעט,
נאָר קען מיט תפילות ניט געהאָלפן ווערן,
זיין אָרימקייט — דאָס איז זיין גרויסער חטא.
די אָרימקייט — אַ, וועמענס איז די קללה?
אַרויפגעוואָרפן אויפן גרויסן כלל,
געציילטע האָבן אַל־דאָס־גוטס מיט פולן,
דעם קבצנס שווייס איז זייער רייכער טל.
אָ, ווער האָט „מאָלדאָוואַנקע״ דיך פאַרשאָפלט?
פאַרמשפּט צו אַזאַ מין וויסטן פּסק?
צו שקלאַפן פאַר אַ ברויטל, אַ קאַרטאָפל
און זיין באַ גאָט און גבירים נאָר דער בראַק.

אין אַ טונקלען קעלער וואוינען צוויי אלמנות,
צוויי יונגע שוועסטער — יעדע מיט אַ קינד;
די חדרימלעך — ניט בעסער פון ארונות,
דער שיינער זומער טאָג ז׳דאָרט קאַלט און בלינד.
דער שאָטן ז׳דאָרט א תמידיקער שכן
אין ווינקלען, וואו קיין זונענליכט דערלאַנגט;
ס׳גענוצטע מעבל קרעכציק און צעבראָכן,
מיט אומפלייט יעדער סעניק, בעט און באַנק.
ס׳איז אַלץ פאַרוואָלקנט אין דער נויט און טרויער
און ס׳ווייִנט און קלאָגט געהרגעטער באַגער —
ניט אויפן קול, נאָר אין אַ דממה גרויער,
וואָס אומערט, וואו דו טוסט זיך נאָר אַ קער.
גאַנץ פרי די שוועסטער — איבער טונקלע הויפן
זיך איילן מיט „סקאמבריעס״ וואורשט אַ קאָרב —
און האָרעווען דאָס לעצטע אויספאַרקויפן,
אַ היים זיי קומען מיד פון דחקות האָרב.
ניט איינמאָל זיך מיט שוואַכקייט שוויס באַגאָסן,
אַ רגע אָן אַ וואַנט זיך צוגעשפאַרט,
נאָר רוהען לאָזט איר ניט די נויט־פרנסה
און טרייבט: „גיי! גיי! אויף כוחות ניט געוואַרט!״
מיט ווייִנענדיקע פריידן, קושן זיי די קינדער
און יעדע מאַמע באַ איר קינד וואָס פרעגט:
אויב איינערס איז דעם טאָג געווען אַ זינדער...
די מאַמע ווערט צעקריינקט און אויפגערעגט;
איר אָרמען מאָלצייט עסט זי מיט גריזאָטע,
די זאָרג איר ביסל רו און שלאָף פאַריאָגט
און די סכנה איר געדאַנק פאַרשאָטנט,
אויף אומרו־כוואַליעס וואַרפט עס איר ביז טאָג.

אין יענעם קעלער האָבן מיר דריי גרים
געטראָפן זיך, געשלאָגענע פון איין באַגער —
פון איין פאַנטאַזיע געפאַנגענע־חברים —
אַנטלאָפן פונם מזל קאַרג און שווער.
ישראליק — אַ פאַראומגליקטער, אויף קוליס,
אַ שוויגער ווי אַ טרויעריקער סוד
צי אַ פאַרשטעלטער צדיק — ריכט אָפּ גלות —
צי מיטן אומגליק שעמט זיך פאַר זיין שטאַט.
אַ שטומער פיבער ברענט אים אין די אויגן,
נאָר שטילע גוטסקייט אויף די ליפּן גליט,
פאַר יעדער פריינטלעך וואָרט ער טוט זיך בויגן,
ניט ווייטון, חס ושלום, יענעם, הייליק היט.
אַ מליץ פאַרן ערגסטן צווישן אידן,
ישראליק שטעלט זיך איין, געפינט אַ זכות:
„פאַרשקלאַפט פון זינט אָן פרעהס פיראַמידן,
ביז איצט איז אונזער ליידן אָן אַ מאָס".
ער רעדט ניט פון זיין היים, פון זיין פּרנסה,
נאָר אויף זיין עם ארצות קלאָגט און וויינט;
דעם חדר האָט די נויט פאַר אים געשלאָסן,
(איך האָב פאַרשטאַנען וואָס ישראליק וויינקט און מיינט);
איך ווער זיין טרייער, גייסטיקער מלמד, —
ער וויל ניט פאַר אומזיסט, כאָטש פאַר קליינעם שכר, —
ניט נהנה זיין פון מיין שלעכטן מעמד,
פאַר מיר ווי פאַר אַ ברודערל אים אַרט.
ער ווערט מיין גוטער תלמיד, האָט זכרון,
שעפּט חיות פון אַ יעדן וואָרט און אות,
אים ליכטיקט דאָס געמיט, די אויגן קלאָרן,
ווי פונם חושך מ'קומט צו ליכט אַרויס.

צוויי שטילע חלומער, דער טרוימער שייע
און איך פארכישופט פון פאַנטאַזיעס שטראַל,
מרגל זיין אָדעס — מיר זיינען פרייע —
אַרויס פון אונזער טונקעלן פּאָדוואַל.
די יונגע פיס הכנהדיק דעם ווילן,
דאָס גיריק אויג און אויך דער רעיון פּאָלגט,
אויף דער „דעריבאסאווסקער" מיר שטילן
דעם בלינדן נייגער וואָס האָט נאָזן האָלט.
דאָרט בלענדט און בלינדט דאָס רעשיקע עשירות,
פון לוקסוס זאַכן רייך דער בליץ און בלאַנק,
דער גלאַנץ פון מי און שוויס, פון הונגער שכירות
וואָס האָבן לעבנס פרי אין נויט פאַרצאַנקט.
וואו גאווהדיק די מויערן די יוסטע,
ווי טראַציקע גיבורים, קעמפן גרייט —
געפאַנצערטע די קעפּ און ברוסטן
אין שטאָל און שטיין אַ שטריינגער יעדער שטייט.
עס שאָרכט פון דינעם זייד און הויכע פּליושן,
ווי סוד און חלום ס'שיכורט און באַרוישט, —
נאָר אויף די טראָטואַרן זיצט אויך רייכקייטס בושה:
פּיל בעטלערס, קאַליקעס דעם מום אַנטבלויזט;
איך קוק מיט וויטאָק אויף די בלויזע מומים,
און ס'פייניקט מיך פון בלינדנס טיף געבעט:
„אַ שפּעלטל פון אַן אויג ז'ווערט קרח'ס ממון,
פאַרדינטע ברויט, ווי זיס מוז זיין דיין זעט?!"
נאָר פּלוצים כ'זע: ישראליק ז'אויפגעשפּרונגען
פון רוישיק, ריינעם טראָטואַר,
פאַרשעמט אויף זיינע קוליס אָפּגעהונקען,
ווי פאַר אַ שטראָף, צי פון אַ גרויס געפאַר.

אַ ים מיט ליכט פון די עלעקטרי לאָמפּן
ווערט כּישופדיק צעגאָסן מיט איינמאָל ;
ראַזירטע אידן מיט קראַוואטן, שטראמפּן,
פּאַמעלעך קומען אין „פּריקאַזשטשיק״ שול.
נאָר אַזאַ פּראָסטיק, פרעמדער גייסט, קיין סידור,
קיין סימן שבת קיינער — ניט געבראַכט ;
דער אָרגל — שפּילט הייליק, אַלטע לידער,
אין עולם : איינער דרימלט, איינער טראַכט.
אַ שטאָלצער קומט „מינקאָווסקי״ פאַרן עמוד,
די שפּיציק, ווייסע יאַרמולקע צעשיינט,
און אָפן וואַרט דער נאָטן סידור אַ פרומער,
דער מיידלעך און בחורים כאָר איז גרייט.
מע זאָגט : „ראַזומני״ דער חזנים קעניג
האָט דאָרט געדאַוונט און ס׳כּישופט נאָך זיין טאָן,
ווי מלך דודן, נגינה ז׳אונטערטעניק
געווען „ראזומנין״ פון געבאָרן אָן.
אויך „פּיני״ האָט פאַרשיכורט מיט נגינה,
נאָר שטומער עולם האָט זיך איינגעהערט —
מיט טעמפּע בליקן געוועגדט ווי צו אַ בינע
און מיט קיין ריר, קיין קרעכץ זיך ניט געשטערט.
דער אָרימאַן האָט תפילות אויפן גומען,
אין האַרץ אַ זיפץ, אין אויג אַ הייסע טרער,
צום מזל שווערע טענות פאַר ניט קומען,
אַז וואַרטן האָט ער שוין קיין כוח מער ;
גיסט אויס זיין צער אין תפילות פון בטחון,
לכבוד שבת — וואָר און זאָרג פאַרגעסט
און טרייבט פון זיך דעם גרויען אינדערוואָכן,
מיט גרויסער שבת פרייד זיין טשאָלענט עסט.

און שבת אינם שטאַטישן בית־מדרש:
ס׳קומט יעדער איד פאַרפרי און אויפגעשיינט.
און היינט מיט פאַרטיכקייט פון גרויסער סדרה:
די צען געבאָט וואָס לערנען נאָך ביז היינט
די מענטשן — אַרויסגעפירטע פון וואַלד מיט געצן,
פון טעמפּן חושך — צווישן גוט און שלעכט, —
די צען — אויף שטיין פאַרקריצט געזעצן,
וואָס לערנען מענטשן ווירדע, מענטשן־רעכט.
ביז איצט נאָך — דורך דער גאַנצער צייט־מרחקים,
פון סיני פלאַם — דאָס דונערדיקע קול —
דורך אַלע הויכן, אייביקע ממעקים
עס עכאָט נאָך אַקעגן אומרעכטס גרויל.
יראַדיק — פיל אידן אין טלתים,
ווי וואַלד צעוויגטער — דאַוונען האַרציק טיף,
מיט פרומער תפילה און געבעט זיך טרייסטן,
אין וועלט אָן יושר, אָן אַ רעכט באַגריף.
דער חזן שטרעקט די ווייסע הענט אין תפילה,
פון סמוטנע ליכט אַ פלאַם צו פלאַם זיך בויגט,
ווי כורעים זיין פאַר גאָט ער זאָל דערפילן
ס׳געבעט פון הערלעך האַרץ פאַר אים גענויגט.
אַ הערלעך האַרץ וואָס בייגקט און בעט אויף שלום,
דעם טאָג, ווען ס׳וועלן דערנער פונם האָס
פאַרשווינדן, צדק, יושר זיין די גבולים,
די ערד זיך וואַשן, היילן פונם בלוט־מס.
און ס׳שטייען שמונה־עשרהדיקע אידן
אין שטילער שבת־קדושה איינגעהילט,
פון גופיקן און וואָכיקן געשידן,
דאָס ערדישע מיט צען געבאָט פאַרשטילט.

פיל סחורות אין גרויסע קאַסטנס־אויפגעטורעמט,
און באַלן בערג — געבליבן שטיין אין וועג —
צי כוואַליעס פונם ים אַרויסגעשטורעמט
און כישופדיק פאַרגליווערט אויפן ברעג.
אין ווייטע רייען שטייען — אין גרויסע קרייזן
ווי שטילע גאַסן אין פאַרלאָזטע שטעט,
ווי ריזן אָפּגעשטעלט אין גרויסע שפּרייזן, —
און צווישן זיי געהיימער ים־רויש רעדט...
און וועכטער שטרייגג, מיט אויפגעגליטע אויגן,
מיט קעציש, ווייכער שטילקייט אין די טריט,
מיט וואַכן חשד, צו שאַרף דעם אויער בויגן —
פון ווייט געבראַכט פאַרמעגנס טריי מע היט.
ביז ס׳קומען פערד און וועגענער פאַר לאַסטן
און בלייבן שטיין ווי פאַר אַ פּיראַמיד,
וואָס דאַכט זיך זינקט, ווען באַל נאָך באַל און קאַסטנס
מע שלעפּט אַראָפּ פּאַמעלעך, אָפּגעהיט.
די טרייבערס זיצן לופטיק אויף דער משא
און פירן זי אין שטאָט און צום וואָקזאַל,
זיי ווייסן קלאָר די שטאָט מיט פילע גאַסן
און ס׳פאָלגן זיי די פערד צום בייטש געקנאַל;
די פערד — געשטריינגגט די העלדזער ווי די בויגנס,
דער שוים פון מי אין יידע ווינקלען מויל,
אָט הויבן זיי די קעפּ, — צו ד׳ר׳ערד זיי בויגן,
געטרייע שלעפּן זייער שווערן עול.
און ווי די פערד צעהיצט — די טרייבערס
הויך בוקן אויף די גלאַנציק, גרויסע פערד,
זיי ווילן מיט דער משא לאַנג ניט בלייבן —
באַפרייען זיך פון היטן פרעמדן ווערט.

**אין** ברייטע האַפנס רוען מידע שיפן
פון פרעמדע לענדער און באַרימטע שטעט,
די פאַנען אומעטיקן, ביינקשאַפט טריפן,
אין זייער פלאַטערן איז שטיל געבעט.
זיי שווייגן שוואַנגערע מיט אוצרות משא,
דער שוואַרצער ים פון זייט אויף זייט זיי וויגט
און יאָגט אויף זיי מיט בערג פאַרשוימטן וואַסער,
מיט רוגזה וואָס אין זיין טונקלער טיפקייט ליגט.
ווי ריזן הענט פאַרלייגט מען פלאַנקע־בריקן —
פון שטיינערדיקן ברעג צום שיפן דעק,
ווי מוראַשקעס פון גרויסע מוראַשניקעס
צוויי רייען מענטשן טראָגן באַלן, זעק;
איין רייע טראָגט אַרויף די צווייטע נידערט,
זיי לאָדן אָן און לאָדן אויס די שיף
און ראַיען זיך ווי בינען אין אירע גלידער,
די אוצרות ברייגגען פון איר טיף, —
אין קאַסטנס, זעק באַשריבענע, באַשטעמפּעלט
מיט מאָדנע אותיות, פרעמדע שפּראַך.
די זעק און קאַסטנס סטויגט מען אויף ווי טעמפּלען,
ווי גרויסע אוצרות היטן — שטעלט מען וואַך.
באַרוט און איינגעדעקטע מיט ברעזענטן,
נאָך לאַנגען וועג מיט באַנען, מיטן ים,
פון ווייטע שטעט און קאָנטינענטן,
זיי ליגן אומעטיקע, ווייט פון שטאַם;
פון יענע הענט וואָס האָבן דאָס פאַרמעגען
געשאַפן מיט אַזוי פיל שוויס און פלייס,
פאַרשוואונדן איז פון זיי דורך ווייטע וועגן,
געלאָזט זיי מיטן שכר פון הונגער פרייז.

כ׳קוק אָן די שיפן אינם וואַלד פון פאַנעז
פון ווייטע לענדער; זיי רוהען אָפּ אין פּאָרט,
און עפּעס וואַכט אין מיר, טוט מיר דערמאָנען:
מיין פאָן! מיין אַלטע פאָן! ניטאָ איר דאָרט!
אַמאָל, אַמאָל! אין שלמה המלך׳ס צייטן
מיין פאָלק איז אויך געווען געבענטשט
מיט כוח פאָרן אויפן ים דעם ווייטן
און קעמפן מיט זיין בלינדער קראַפט. ווי מענטש
געוואַגטער, בראַווער איינגעשטעלט דאָס לעבן
אויף שיפן — צו די וויטסטע לענדער, שטעט;
דער ים האָט אים אַ כישוף מוט געגעבן,
די ווינטן מיט געזאַנג צו אים גערעדט.
פון שטורעמס רואיק פלעגט דערציילן ווי מעשיות
פון גרויזאַם, רויער שיינקייט אין נאַטור,
צי פון פּאַסירונגען אויף ווייטע רייזעס
געדויערטע חדשים, אָפט אַ יאָר;
פון רויטע, שוואַרצע פעלקער פיל לעגענדן,
פון זיטן און מנהגים אַלערליי,
אויף ווייטע, ניי אַנטדעקטע קאָנטינענטן,
און אַלץ געשמעקט האָט מיטן כוואַליע שפּריי.
נאָר ס׳לאַנד מיינס וואו געבליט האָט ברויט און תורה,
וואו פרייהייט האָט איר יוגן קול דערהערט,
דאָרט שפּרייט זיך מדבר שטילקייט, טריט פון מורא
און ס׳בליצט דער שאַרפער בלאַנק פון קרומען שווערד.
און וואו געזונגען האָבן די לויים
דאָס גרויסע, אייביקע געזאַנג פון גאָט,
לבנה געצנדינער דאָרטן קניהען
און תיפלות בויעט מען אין אונזער שלום שטאָט.

אין מיין זכרונס שטח פיל לעגענדן
און מעשיות וואונדערלעכע ווערן וואַך,
און וויזיעס שוועבן איבער מיר מיט בלענדן,
פון אייביק־גלי אויף בלעטער פון תנ״ך.
אויך וואָס מיט גוטסקייט ט׳מיר דערציילט מיין זיידע:
אַז אויפן צווייטן זייט פון שוואַרצן ים —
דאָרט מדברט ס׳לאַנד פון אונזערע אבות, אַן עדות
דער כותל, אין אייביקייט אַ שטאַם.
ירושלים, אָ, מיט וויפל ציטער
און הייליקייט דיין נאָמען ר׳האָט דערמאָנט ?!
דו ביסט געווען זיין חלום דער צעגליטער, —
אין פאַרכט דערציילט אַלץ, מיט יעדן פרט באַקאַנט.
„די טמאים האָבן ניט קיין שליטה
צום כותל, די מדבר אים צעשטערן ניט געקענט,
דאָרט בליט ניט מער, נאָר ס׳וואַקסן דערנער, ריטער,
דאָס גיט די ערד פאַר מי פון פרעמדע הענט.
אַז ס׳קלאָגט דער אַלטער ירדן, דער כנרת,
דער ים הגדול שטורעמדיקער ווערט,
פאַרשטעלט דעם ברעג פאַר שונאים און צושטערער,
אַז אויף איר פאַלק עס וויינט און וואַרט די ערד.״
אָ, מיט ווי פיל טרוים פון דיינע האָריזאָנטן —
מיין יונגע וויזיע האָט ער אָנגעזאַפּט !
אַז פון די ווערטער, פסוקים אָנגעטאָנטע —
אַ בילד פון אונזער לאַנד מיין וויזיע שאַפט.
און כ׳וואָלט אַהינצו שיקן כאָטש מיין שאָטן,
מיין חלום וואָס קען וויינען אויפן קול, —
פון אונטער חורבן מיטן מדבר־זאַמד פאַרשאָטן —
דערוועקן אונזער גבורה פון אַמאָל.

מיר האָבן שוין דורך פּחדס אַלע וועגן —
געיאָגטע — אומגעוואַנדערט אויף דער ערד —
אין כּפלדיקער איינזאַמקייט — באַ ברעגן
פון ים, אין מדבר, — הינטער אונז די שווערד...
דורך אונזער האַרצן שניידט זיך שוין דער וואַנדער,
די דורשט נאָך רו, — ווי פלאַם אין בלוט צעברענט,
וואו גייט זיך שוין דער גלות־וועג פאַנאַנדער
מיט מזל — אינם נביאס ליכט דערקענט?
אַז זינט ס׳איז אונזער היים דאָרט אַ צעשטערטע —
האָט אונז פאַרלאָזט דער גוטער מלאך — רו,
און ס׳יאָגן צער און טרויער ווי באַשערטע,
מיר קעמפן פאַר אַ לעבעדיקער שעה...
אַזוי פיל יאָרן אונזער בעט איז פיבער —
צעווישן וואַך און דרימל אונזער שלאָף,
ווי סוכות שוואַך, געהויקערט אַלע שטיבער,
מיר ווייסן ניט דעם וועגראַנד, וואו ז׳דער סוף.
אַז וואו מיר קומען וואַלקנט זיך די בושה,
פאַרלעשט דער שטראַל פון אונזער לעבנסגאַנג,
דער נעבל ווערט דעם שטורעמס פינצטערע הלבשה,
דעם קוילער׳ס שייד פאַר מעסערס מיט רציחה־בלאַנק.
געשוואָלן מיטן רויבערלוסט יאָגט אָן די שנאה
אָט ווי אַ טייך פון רעגנס אָנגעפּוישט,
באַלד קלאַפּן אויף די מיאוסע טריט פון קנאה
און דאָס פּאָגראָם געשריי — פון איר צערוישט.
ווען וועט דיין שטראַל פון צוזאָג זיך צעשיינען
איבערן ים פון בלעזלדיקן האָס,
בטחון צינדן העל דעם פאַקל זיינעם,
צעטרייבן ס׳פינצטערניש פון מאָרד חולאת?...

גערעכטיקייט! שפּרייט אויס די רעטונגס פליגל,
פון דיינע לאַנגע טעותן דערוואַך!
דאָס אָפּגענאַרטע ביינקען איז אונזער טיגל
פון אומעטיקן טאָג און פּחד נאַכט.
דער פעלדז פון לײדן גרייכט שוין אַלע הויכן —
און פון דיין גלייכגילט ווייעט מיט אַ קעלט,
ווי פון דער טויט מכפלה, און פאַרשוועכן
ס׳טוט רויבער און דער מערדער גאָר די וועלט...
דו ביסט דאָך דעם באַשעפערס שיינער חלום
וואָס דאַרף אויך זיין דעם מענטשנס עמוד־אש;
אויב ס׳גרייכט דיין ר ע כ ט ניט איבער אַלע גבולים —
דאַן איז זי ווערטלאָז — ווערט אַ שין פון ריש...
דער היינט איז מער ווי צוזאָג אויפן מאָרגן,
ווייל דיין רחמים — פון מענטשן ווערט פאַרברענט,
דעם סנה פון האָפנונג לעשט דער שקר אין פאַרבאָרגען,
די גאולה דאַרשט דערשעפּט — און איר פּראָפּעט פאַרלענדט.

**צ'** האָט דיין נביא ניט געזאָגט: „אָט קומען
גערעכטיקייט, ישועה איז ניט ווייט,
און וועט ניט זאַמען“. גאָט דו ווייסט די **שפיכות דמים —**
פון פאָלק וואָס צוויי מאָל טויזנט יאָרן ליידט.
עס האָבן אַלע גליהענדיקע שטערן
געזען אונז וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד,
אויף אַלע ים'ען אונז באַגלייט — אין טרערן —
די מידע טריט געציילט אין מדבר זאַמד.
באַ אַלע פעלקער נאָך ביז היינט געפאַנגען,
קיין פרייהייט בליטן שפּראָצן ניט אַרויס;
פון רשעות, בושות ווערט דאָס האַרץ צעגאַנגען,
אין האָפנונג־תפילות וויינען מיר זיך אויס.
צו וועמען זאָלן מיר זיך ווענדן, קערן?
אַז ס'ווערן פריינט ווי ווינט איבערן קאָפּ,
דעם וויינענדיקן רעטונגס־רוף פאַרהערן,
ער בלייבט אַ רוף וואָס פאַלט אויף שטיין אַראָפּ.
שוין לאַנג די הילף אין אַ פרימאָרגן נעבל
פאַרשוואונדן מיטן ווינט (פון אונז אין פרעמד),
נאָר וואָלקנדיק די שרעק און פחד שוועבן,
דאָס ליידן איז געוואָרן אונזער העמד.

„איך וועל דיך איינזאַמלען אינגאַנצן, יעקב,
און אויפקלייבן ישראל׳ס איבערבלייב״
האָסט, גאָט, געזאָגט, נאָר אינם גיא־מרחקים —
אָט ווי דער ווינט דעם שוים אויף ימים טרייבט —
דער וואָגל טרייבט אונז אום אויף אַלע וועגן —
אין וואַנדער־שיך, — אויף גאָר דער ערד צעשפּרייט
און ס׳זעט זיך ניט קיין מאָגער, ניט קיין פרעגער,
אָן עכאָ בלייבן רוף און רחמים רייד.
אַרומגערינגלט פון דעם עולות פייער,
אין רשעות פלאַם מיר ווערן שיער פאַרברענט,
מיט פיבערדיקע בליקן זוכן דיין באַפרייער,
זאָל אָפּווענדן רציחה׳ס שווערע הענט.
דאָס בלוט אין האַרצן ווערט פון שאַנד פאַרזאָטן,
געשוואָלן די צום וואַנדער וואַכע פיס,
דער שלאָף באַרוט ניט, ס׳שרעקט באַטאָג — אַ שאָטן, —
איז דיר אָ, גאָט, דיין לאַנגער שלאָף נאָך זיס?!
עס האָבן אַלע הינט אויף אונז געבולן,
דאָס אייזל שוין געהירזשעט — אָ, ווען קומט
דער טאָג ווען דריקער, הערשער — פון די שטולן —
ווי שרצים וועלן לויפן פאַר דיין צאָרנס ברום?!

מ'יר זיינען ווי די כוואַליעס — פונם ווינט געטריבן —
נאָר האָבן ניט קיין ברעג וואו בלייבן שטיין,
די שונאים וואַכע לוגן אונזער לעבן —
זיי זיינען פעלזיק טויב און האַרט ווי שטיין.
דער פאַלשער האַס, די קאָרשונס: קנאה, שנאה —
צוויי טויזנט יאָר דעם פחד שאָטן שפּרייט,
מיר זיינען ווי אַ פליג אין פּאווּאטיניע —
אין זייער טויט־נעץ — מיט רחמים פאַרקליידט.
ווי שטיין פון ווינט — פון רחמים ווערט ניט ווייכער
דאָס גויש האַרץ — געדעכט איז זיי פאַרהאַסט,
גייט אידיש לעבן אַרויף אין רויכן
מיט שייטער פלאַמען — אין אַ פייער מאַסט.
און ס'איז דער ווינט מיט זיין אונשטערבלעך לשון
אַן עדות, קען דערציילן וויפל מאָל —
אין נעבלען שנאה, פעלדער שרעק — פאַרלאָשן
מ'האָט יונגע לעבנס אידישע — אָן צאָל.
ווען וועסטו שיקן אונז דיין פייער מלאך?
און וואו וועט זיין דער גיא המון גוג?
מיט גרויס געזאַנג די בשורה לאָזן שאַלן —
דעם והיה באַחריתדיקן טאָג?

דער האָס האָט אַלערליי פֿאַרשטעלטע נעמען
און אַנדערע געשטאַלטן — יעדן דור,
פֿאַרשלייערט ביי די רויב און רשעות סכעמען
אויף אונז צעזייטע — שוין צוויי טויזנט יאָר.
ר׳האָט שאַרפֿע העק און שטריק, די בייסטע ביקסן
און רוצחישן געשריי וואָס וואַרפֿט אָן אַ קאָשמאַר
און איז ווי שטורעם — פֿאַר איידעלע געוויקסן
און מיר אין שטענדיק וואָלפֿישער געפֿאַר...
מיט גרינגען רויב (דאָס האָב פֿון מיינע ברידער),
די צלמדיקע הייזער פֿילט מען אָן,
און נאָכדעם פֿאַרן נוצרי קניהען — ווידער —
(זיך אָפּגעמאָליטע) דאָס רשעות טאָן...
און מיר באַוויינען צדק און רחמנות
וואָס לאָזן שלעכטס און פֿאַלשעס אומבאַשטראָפֿט,
דיין ריכטער מיר דערוואַרטן מיט נאמנות,
נאָר ער אין דורותדיק געדולד נאָך שלאָפֿט...
קום, גאָט, אַרונטער פֿון דיין כסא־הכבוד
און זע אַליין וואָס פֿון דיין פֿאָלק סע ווערט!
פֿאַר אונז האָסטו אַ דינו, א נדבה,
דיין גנאָד פֿאַר שלעכטע אויף דער ערד.

דיין נביא האָט געזאָגט: „מארבע פינות עולם —
צו צוויי פון אַ משפּחה, איינעם פון אַ שטאָט"
פאַרזאַמלען וועסטו אונז — פירן פון די גרוילן
צו אייגן לאַנד פון תורה און געבאָט.
זיי לאָזן ניט קיין איינעם פון אַ משפּחה,
די שטעט — ביז צו דער שטומער ערד פאַרוויסט —
און ס'שטילט זיך ניט אין זיי די טריפה יוכע
וואָס ברענט מיט האַס, מיט סם אויף אונז זיך גיסט.
דער טויט־רעש פון מלחמה איז זייער אמת,
זיי האָבן תמיד גרייט די שאַרפע שווערד, —
און אונזער האָפענונג לעשט זיך ווי אַ רמז,
די טרייסט ווי בלומען־שטויב אין האַרבסט ווינט ווערט...
עס ציטערט שוין די ערד פון רויב און מאָרדן
און זיפצט נאָך רו, נאָר ווי דער מרחק שטום
עס שוויגט דער הימל, — און די מערדער האָרדעס —
אין הויכע קלויסטערס מע ברכהט פרום.
און עכאָ פון צבועיאַקישן געלעכטער
צערייסט די דממה פון אונזער טרער,
און טיפע תפילה אויף אַ וועלט גערעכטער —
פון גלאָקן קלונג פאַררוישט, זי ווערט פאַרזונקען,
אין דיינע שטומע הימלען ניט דערהערט;
פון וואַנענט וועט זשע זיך די הילף צעפינקלען?
אַז איבער אונז צעחלפט בליצט די שווערד.

מיר ווייסן אונזערע פאַרפאָלגער, די פּחדנים,
געפּרואוווטע — מיר שרעקן זיך ניט פאַרן טויט,
נאָר דאָס וואָס לעבן בלייבן ז י י — די שונאים,
אויף וועמען יושר בלייבט נאָך אָנגעטרויט...
זיי וואַרפן אָן אויף אונז אַזויפיל מיתות —
אין העלן טאָג, אין אָטעם פון דער נאַכט —
און ס׳זעט זיך ניט אַ שאָטן פון געוויסן
אין זייער האַרץ, קיין חרטה ניט דערוואַכט.
דער יושר אינם אומרעכט ווערט פאַרלאָשן,
ווי אונזער זיפץ פאַרשלונגען פונם ווינט,
ס׳געשריי פון רויב און קנאה שלאַנגיש העשן,
דער האַס און שנאה בילן ווי די הינט.
רחמנות ווייט אויף זיי ווי ווינט אויף שטיינער,
דערוועקט ניט קיין דערשרעק אין זייער בליק,
נאָר אימה פלייצט זיי פון די שאַרפע ציינער,
ווי באַ חיות בעתן בייסן אַ געניק.

און ווען וועסטו די פעלקער איינבאַרופן
אין יהושפט טאָל, זיך משפטן מיט זיי?
פאַר אידיש בלוט און טרערן זיי באַשטראָפן,
פאַרשטומען זייער בלוטיקן געשריי;
און זייערע טאַטן, שיפּענדיקע שדים —
די פּרעכע זינד וואָס זיצט באַ זיי געקרוינט
אן אָנגעטאָנענע אין פּריסטער קליידער
וואָס ווערט מיט רויב און מענטשלעך בלוט באַלוינט.
זיי האָבן אונזער לאַנד פאַרוויסט צעטראָטן,
בטחון — אונזער אָפּרו פעלדז צעשטויבט
און ווי אַ בוים אַ נאַקעטן — אָן שאָטן —
געלאָזן — די גאַנצע פּרוכטונג צוגערויבט.
נאָר זייער רשעות זאָלן פייער פינגער
פאַרשרייבן ציטערדיק אין אייביק בוך;
זיי זאָלן שפּעטער לייענען, די צינגער —
זיי צום גומען פרירן פון פּחד סקרוך.

און אויב דיין נביא דו וועסט שיקן־ווידער
מיט דיין באַפעל אין טיפן טויטן טאָל —
די ביינער טרוקענע און גליד צו גלידער
מיט לעבן אנבאַהעפטן — ווי אַמאָל;
דער פחד באַרוועס, אָנגעקליידט אין דממה
וועט וואָלקנדיק פאַרציען איבער אים,
די וואָלקנס רייסן אין פיגורן, פאָרמען שטומע —
אין חושך ווידער זאַמלען זיך אינטים...
אינאיינעם ימים, וועלדער זיך צערוישן,
ווי דיך און וועלט זיי וואָלטן אָנגעקלאָגט,
דאָס וועלן נשמות פון מיליאָנען קדושים
אַזוי באַוויינען ס׳לעבן אָפּגעפּלאָגט.
און זייער צאָל איז שוין אָט ווי די שטערן
אין הימל — אין אַ קלאָרער תמוז־נאַכט,
וויפל מיין פאָלקס שוין אויסגעוויינטע טרערן
פון זינט ס׳איז וועלט באַהערשט פון צלם־מאַכט.

פון לאַנגער אַנונג כ׳האָב דערוואַכט פאַראומערט —
צוריק דערזען אָדעס — די ווירוואַר וועלט,
וואו ס׳ווינטערט לייכט, נאָר לאַנג און הייס סע זומערט,
וואו לאָמפּנשיין דאָס שטערנליכט פאַרשטעלט.
ווי אָסיען ווערבעס — ציטערן די שאָטנס,
דער טרוים פון קאַלטן שכל אויסגעלאַכט;
ס׳איז אַלץ אין מורא טונקעלער פאַרקנאָטן
און אין מיראַזשן שלומערדיק פאַרטראַכט.
פון רעש און טומל די נעכט דאָ טויבע,
אין מי פון זוכן מע סאַפּעט אויס די טעג,
געפאַנגענע פון אוצרות־שיין און צויבער —
איז יעדערער געשפּאַנט אין גליק געיעג.
נאָר ניט מיט יעדן איינעם אויף איין גאַניק
פאָרטונע זיצט אַ יאָר צי אַ מינוט:
פאַר איינעם ווערט אַ סם פון בינען האָניק —
אַ צווייטנס לעבן ווערט נאָר שוויס און בלוט...
רייסט איינער אויס באַם מזל אַן עשירות —
צעפרעסט אים גייציקייט די שוואַרצע קראָ, —
די פרעכע גאווה גיט אים פאַלשע חקירות
אוןביידע טויטן אים דעם חלום און די רו.
ביז ס׳טוט אַ שלאָג די לעצטע לעבנס רגע,
ס׳ווערט גאָרניט פונם אָנגעזשויבטן דאָ,
און ס׳העלפן ניט קיין חכמה, קיין פאַרמעגנס
אַז ס׳קומט דעם מענטשנס לעצטע שעה.
ער ווערט באַרוט אין שטילקייט פון אַ שאָטן
און ס׳קען אים ניט דערוועקן רעש פון גליק,
ער בלייבט נאָך אין זכרון איינגעקנאָטן —
אויב מעשים ברייננגען דאָ זיין שם צוריק.

איך האָב דערזען מיין וועג צוריק, אין פריידן,
מיין וועג אַהין וואו ס׳האָט געגליט מיין טרוים,
די היים פון מיינע עלטערן און זיידן
וואוהין ס׳האָט צייט פאַרשפּריצט דעם נייעם זוים.
דער רויש פון וואַסער וועקט דאָרט אויף די בלעטער,
זיי שאָרכן תּפילהדיק אין ווייך געוויג;
דער טרוימער, אָוונט, טוט מיט חלום גלעטן,
מיט גרינגען שלאָף באַזיגן מענטש און פליג.
כ׳האָב שטערן דאָרט געזען איבער מיין וויגל
און איבער פעלד און וואַלד — אין טרוים געקלאָרט,
ניט איינמאָל האָט זיך מיר געביינקט נאָך פליגל:
די שטערן שטילקייט ברייגנען אין מיין וואָרט.
איך האָב געזען די ווינטלעך גראָזן קעמען —
מיסטעריש סודן זיך מיט בוים נאָך בוים,
די זומער נעכט מיט אָפן, דינע ברעמען
אויף אַלץ צעשאָטענען אַ טיפן טרוים.
איך האָב געזען ווי ס׳רייפן פלוימען, עפּל,
וואָס זאַפטיקן פון זון און האָניק טוי,
די קרויט זיך זילבערט, ס׳בלעטערט יעדע קעפּל
און קירבעס שלאָפן האַרט אין טיפן רוי.
כ׳האָב דאָרט געזען — אין צניעות די לבנה
זיך נידערן צום תּפילהדיקן וואַלד,
פון „ראָסטאָוויץ״ די זון אַ גאָלדענע רונע —
אַרויפגעטויכט אַ גרויסע, קלאָר, צעשטראַלט.
די מראות האָבן דאָרטן שפּראַך רמזים,
ניט מזלס רעש און ניט עשירות בלענד
פאַרשטייען, ווייסן די רזי דרזין
פון גאָרטן, סאָד, פון וואַלד אין שקיעה ברענט.

אַ טונקלער שווייגן האָט מיך אויפגענומען,
מיט אומעט שאָטנס — אין מיין טאַטנס הויז,
ס׳האָט עדותדיקס געלויערט אין אַ דממה,
סכנה גרינג געדרימלט אינם בלויז.
מיין טאַטע און מיין מאַמע שטיל, פאַרקלערטע
באַטראַכטן מיך מיט וואונדער און פאַרדאַכט:
„אַ וואַקס געטון, שוין ראוי אַ באַשערטע,
נאָר וואָס האָסטו פון ווייטער שטאָט געבראַכט?״
און ווי פאַרלאָזט וואָלט זיי דאָס ליבע לשון —
צעווישן זיך זיי רעדן אויפן וואונק,
אין אויגנגלי מחשבה ווערט פאַרלאָשן
און ווערטער ניט דערדעדטע בריען די צונג.
אין שטעטל זיינען אידן שטאַרק צעשראָקן
פון שלעכטע נייעס ווי אַ פאַרפלייצונג שטראָם,
וואָס יוגנט דעם מרידה־טרוים צעטראָגן, —
פאַרוואָס עס סטראַשעט מיט סיביר, פּאָגראָם...
די צייט האָט אויפגעוועקט און לאָזט ניט רואיק ווערן,
ווי שוים־פיגורן ס׳רשעות זאָל צעגיין;
ווען גרויסער יאָך און אונטערדריקונג שווערן,
בליט אויף מרידה, ווי גראָז פון אונטערן שטיין...
אין יונגן בליק די טראָציקייט צעשאָטנט,
פאַרשטעלט די שנאה און געראַנגל בלאַנקט;
דער עלטערער מיט טיפע זיפצן אָטעמט,
אין אומרו. אַז די גאַנצע וועלט פאַרצאַנקט.
די ליידן ברעכן אויף דאָס ניט דערהערטע —
דער בויט־געשריי ווערט אַ נבואה קול —
און צינדן אָן מיט ליכט פון אמת, — ווערטער,
וואָס בליצן דורך דעם חושך און דעם גרויל...

געטראָפן כ׳האָב מיין גוטן חבר מאיר —
געלייטערט אין דער נויט און קאַלטער פרעמד,
געשלאָגן מיטן אומרו פון אַ גייער —
באַ טויערן און שוועלן אָפט פאַרשעמט.
די האָר אין לאָקן — פון לאַנג שוין ניט געשוירן,
דער טיפער בליק מיט חלום־שיין פאַרקלערט,
נאָר מוטיקער, אַנטשלאָסענער געוואָרן,
כאָטש האָפענונג און ספקות־משא שווערט.
ס׳פלאַמט אויף פאַרבאָרגן פייער אין זיין ראיה —
פון ליכטיק, יונגע ביינקשאַפטן געברענט;
פאַרסודותט שוועבט פון זיינע לאַנגע וויעס
אַ שטריינקייט און אַ מילדקייט אָפט צעבלענדט.
אויף זיינע יונגע הענט די שטאַרקע תקופות
פון שווערער אַרבעט נאָך פון קינדערוויז אָן —
און אָנגעהאַרטעוועט פון די רדיפות
אין חדר — געליטן פון אַ נגידס זון —
געפּאַשעטער אויף ברוסט־פלייש און אויף קאַרפּן,
אויף ווייסע חלה אַלע טאָג אין וואָך;
דער „פּעמפּיק״ פלעגט מאירן פאַרשאַפן חרפה
און בושה, אַיעדעס מאָל אים טאָן אַ שטאָך;
געלאַכט פון מאירס הייזקעס מיט די לאַטעס:״
„אַ נייע פאַר אַ יעדן יום־טוב טאָג״
פון מאירס פיס מיט שוואַרץ צעפלאַצטע פּיאַטעס, —
דעם שוואַרצן ברויט באַקראַפּיטן מיט ליאַג.
דעם נגידס זון פלעגט (גאַרענדיק אין טעפלעך)
אַ דינסטמויד ברייגנען מאכלים הייס און פריש,
אין מיטן מיטוואָך בלינצעס אָדער קרעפּלעך
און אויך געבראָטן עוף, געפילטע פיש.

**ס׳אראפּ** די קינדער מי וואָס פּלעגט אים האָרבן
באַם דרייען טאַטנס שטריקל־דרייער ראָד,
ווען יונגע הענט ר׳האָט אויף דער אייזן־קאָרבע
פאַרקלעמט און אָנגעשטרייגגט. ס׳גייט טראָט באַ טראָט
דער טאַטע אויף קריקסוועג, איינגעבויגן —
אַז ס׳דאַכט זיך: דעם מענטשנס וואונדערלעך געשאַנק,
(וואָס מאַכט די וועלט אים ליכטיק) די אויגן —
אין נאַקן האָט ער אויפן קריקוועגס גאַנג.
די אָנגעגורטע קלאָטשע אויף די לענדן,
לויפט דורך די פינגער זייגע אין אַ שטראָם,
וואָס שטייפט זיך איין, אין שטריקלעך ווערט פאַרענדערט —
אין גראָבע קאַנאַטן פאַרן פּריץ כאָם.
אַזויאָ נאָכן חדר ביז נאָך שקיעה —
די שעהן פון זומער פרייד און קינדער שפּיל,
דרייט מאיר ס׳ראָד, עס ברעכן אים די קניהען,
דער שלאָף, די מידקייט זיין באַגער פאַרשטילט.
און שפּעטער אַ לערנאינגל, יעדנס ווילן
ר׳איז אונטערוואָרפן, הערט גראָבע שפּראַך,
ער וויגט און ביאַנטשעט קינדער, וואַשט די דילן
און הונגערט צו — דערלערנען זיך דעם שניידער פאַך.
נאָר אויס! ניט מער זיין לשון ווי געשחטען,
זיין קול ניט מער געפאַלן און פאַרשעמט,
צו פרייהייטס קאַמף און טרוימען אַ פאַריאָכטער
געקומען פון דער ווייטער, גרויסער פרעמד.
ניט מער — דאָס חדר אינגל, אויסגעלאַכטער —
וואָס האָט זיך קעגן רשעות קוים געוועהרט,
ר׳איז אָפן און צו אַלץ אַן אויפגעוואַכטער,
צו גרויסער, ווייטער וועלט ר׳איז איינגעהערט.

ס׳איז יונגער זומער. קלאָרער בין השמשות
נאָך כישופדיקער שקיעה, ווייכער בלוי;
מעוברתדיקע בוימער שטיל אין קדושה,
אין דאָרשט נאָך זייער ברכה: פרישונגס־טוי.
די פרות ווי דער אלף בית אין פלאַקער —
אין לעצטן זונענשיין פון גאָלד קאָליר,
געוויקלט, ווי אַ בראשיתדיקער יקיר
שוין איינגעוויגט פון גאָטס באַריר.
באַלד, באַלד! דערוואַכן פונם גרינגן שווייגן
אין חלום שאָטנס — וועט אַיעדער בוים,
אין זיידן שאָרך פון בלעטער און פון צווייגן,
דערציילן פון אַ ביינקשאַפט, פון אַ טרוים.
און ווייסע כאַטעס אין אַ ים אַ גרינעם
און בלעטער־שאָטנס, לעבעדיקער טרוים —
פאַרוויגט פון פויגל צוויטשער, זשום פון בינען —
באַלד דרימלען איין אין שטערן־שיין ווי שוים.
ס׳קומט די לבנה — צניעותדיק זיך שפּיגלט
אין קלאָרן טייך מיט רונצלדיקן פלאַך,
די רונצלען, ווי זילבער פישעלעך באַפליגלט —
מיין ווייט און ברייטן טייך זיי האַלטן וואַך.
געזאַנגען ווי באַפרייטער כישוף — פלוצים
פון דאָ און דאָרטן ווערן אויפגעוואַכט:
מיט פרייד און גליק די שיקסעס, שטאַרקע שקצים
באַזינגען אוקראַינעס וואונדערלעכע נאַכט;
אוקראַינעס שפּעדיקע, ברייטע סטעפּעס־פּעטע,
די גערטנער פול מיט גרינס, די סעדער פרוכט,
מיט אַלעם גוטן יעדן גוי זיי זעטן
און געבן פיטער פאַר אַ רייכער צוכט.

גאָר ווי אַן אינזעלע אין ים דעם גרינעם —
פון גערטנער, סעדער, וואַלד און ווייטן פעלד —
און תבואות גאָלדיק געל — אַ ים ציטרינע, —
די גרויקייט פון מיין שטעטל האָט געפעלזט.
קיין גאָרטן, קוים אַן איינזאַם דאַרע בוימל,
די געסלעך אין אַ וואָלקן זאָרג פאַרהוילט,
די הייזער תמיד גרייטע בענטשן גומל
און וואַך ווי צו אַ ווייט געהיימען קול;
פאַרשעמטע קוקן אויף די פולע פורן
מיט שפע־משא ווען פון פעלד געפירט, —
זיי לאָזן איבער קאַלייען אין די פאָרן —
אין אויפגעוואַכטן שטויב פון שליאַך — ליבירט;
פאַרשטילט און אומעטיק אין בין־השמשות
זיי וואַרפן לאַנגע שאָטנס מיט באַדייט,
ווי דורכצורייידן זיך אין פחד־לשון —
פון די געפאַרן אין דער שווערער צייט.
גאָר אין די זומער אָוונטן די בלויע
מיט וואַלד און פעלדער ריח פאַרפיומירט, —
באַם קלויסטער פאַרקאַן, אויפן שליאַך דעם גרויען —
די יוגנט קומט אויף ראַנדעוואוס, שפּאַצירט
און זינגען „רייזעלעס" „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן"
„קלאַפּ העמערל" און „מיר ברעכן די וואַנט"
אויך „ראָזענפעלדס" „אויפן בוזעם פון ים", ס׳טוט צינדן
די דורשט נאָך פרייהייט און אַן אייגן לאַנד".
די שיך מיט דינעם שטויב פאַרשפּרינקלט, —
פאַרסודותט פון די טרוימערישע רייד
און ליכט פון שטערן — לויטערע, צעפינקלט —
גייט מען שפעט אין שטוב אַריין — שטילערהייט.

מיט עול פון אַרבעט אין זיין יונגער מינע —
דערפרישן זיך פלעגט קומען אויף שפּאַציר
אויך מאיר — שלאַנק אין שוואַרצער פעלערינע —
צעכוואַליעט פונם ווינטס באַריר.
באַפרייט פון שניידער־טיש, פון די געציייגן,
די שער און אייזן, נאָדלען, פינגערהיט —
ער איז פאַרטראַכט, מיט זיך אין טיפן שווייגן
און גייט פּאַמעלעך, גרינג די יונגע טריט.
אָט שטעלט אים אָפּ אַ מיידל, אָט אַ בחור, —
אַ חבר, — אויף אַ נויטיקן באַראָט, —
צי דרך־ארצדיק באַקאַנטשאַפט זוכער, —
צו יעדן רעדט ער שטיל ווי אויף אַ סוד.
אַן אָפּענער צו יעדנס נויט און נייגער,
הערט האַרציק אויס, איז יעדן דינען גרייט;
גיט ס׳לשון דעם נכנה און דעם שווייגער,
דעם אומעטיקן מיט אַ וואָרט דערפרייט.
דערוועקט אין אַלעמען אַ טיפע חשיבות
צו זיך אַליין — און צום פרנסה־פאַך —
(אויף וועמען ס׳ליגט דעם סם, די גנילע־פליוועס,
וואָס גביר, מיוחס האָבן אויסגעטראַכט).
פאַרגלויבט זיי: „אַרבעט וועט די וועלט באַפרייען,
פאַרברידערן וועט אַלעמען אויף ד׳ר׳ערד,
נאָר זיין געאייניקט אין פאַרשטאַרקטע רייען,
פאַר פרייהייט, רעכט וואָס יעדערער באַגערט״.
און ס׳האָבן זיך געשושקעט די שפּאַצירער,
באַגריסט זיך מיט די ווערטער: „אחדות, פאַן.״
געהיט דעם סוד אַז מאיר איז אַ פירער,
אויף זיין באַפעל ווערט אַלץ געטון...

אין שטעטל האָט די יוגנט זיך געענדערט:
צעפאַלן ווערט די אַלטע יחוס־צאָם
און ענגער בינדן זיך מיט נייע בענדער
צעטיילטע שבטים אין אַ נייעם שטאַם.
און ס׳לויטערט זיך אין דרימלנדיקן רעיון —
אַז ס׳לויערט, קוקט אויף אַלע איין געפאַר,
דעם שניידער יונג, דעם שוסטער און דעם דיין —
מע קלויבט ניט די קרבנות פאַרן גזר,
נאָר אַלע וואַרפט מען צו דעם שאַרף פון שווערדן, —
אַ חלק פאַרן פוקס און פאַר דער קראָ;
ס׳וועט שווערער זיין, מיט שונא דעם געמערטן
צו קעמפן — אויב קיין אחדות איז ניטאָ.
און ווי איז — זיין געשמידט פון גזרות, חרפה, —
געפאַנגען זיין אין פינצטערניש, ווי בלוט,
געדריקט זיין פון פאַריאָכונג, שווער און האַרבער —
ס׳מוז כוואַליק שטייגן דער מרידהס גלוט.
און אָנגעזאָרגטע, פרומע טאַטעס —
זיך עצהן גייען צו דעם קלוגן רב
און לאַנג דאָרט חקירהן, מיט אים זיך ראַטן
באַקלאָגן: „קינדער גייען פונם וועג אַראָפּ.
דער נייער שטייגער איז אַ קראַנקע קאָרע
וואָס וועט פאַרדאַרבן אונזער אַלטן שטאַם,
אַ גרויס געפאַר די נייע, פרעמדע תורה,
משפחות זיינען שוין פון איר פאַרסמט.
זאָל יעדער טאַטע, מאַמע טון אַ נדר
און שווערן באַ דער תורה און באַ גאָט,
אַן אויג צו האַלטן אויף די קינדער כסדר
און היטן זייער יעדן גאַנג און טראָט״.

מע רעדט בסוד — און אַזאַ מאָדנעם לשון:
„ס'איז קאָנספּעראַטיוו, די רויטע פאָן, „אַ יאַט"
די דינסטמויד און די טאָכטער פונם חשוב —
ריידן פון אַ וועלט פּראָלעטאַריאַט.
אַז אַלע מענטשן זיינען ברידער און שוועסטער,
אַז רעוואָלוציע ווייסט ניט גוי צי איד,
דער „מאַניפעסט" און ניט מגילת אסתר"
די פרייהייט טראָגט שוין מיט גאולה טריט".
מע לאָכט פון רב, להבדיל, ווי פון „פּאָפּעס"
מע חוזקט פונם יוזל און פון גאָט,
מע לויבט די לערע און קולטור אייראָפּעס
און „קאַרל מאַרקסעס" „קאַוטסקיס" געבאָט.
די עלטערן — געקרייינקט פון זינד און לעסטער
אויף קיום אומה, דער תורה — אָפּגעהיט —
דורך דורות אומגליקן, קרבנות גרעסטע,
פון לעבן און פון שטאַרבן ווי אַ איד.
דערשראָקן וואָס די יוגנט ווידערשפּעניקט
מלוכה, (אויך דער זיכער שווערער שטראָף)
פאַרוואָרנען אַז מע מוז זיין אונטערטעניק,
ס'וועט חס ושלום זיין אַ שלעכטער סוף.
געטענהט: „אידן טאָרן זיך ניט מישן
דיני־דמלכותא — דינא הי!
דער גאַנצער צאָרן וועט אויף אונז זיך גיסן
מיט טויט, מיט חורבן אויף די דורות מי."
און מאירן גערופן דער משומד
וואָס האָט פון פרעמד געבראַכט דעם נייעם שמד,
און אויף די עלטערן דעם שווערן אומעט,
ווי אַ מגפה — און ס'העלפט קיין ראַט און טאַט.

ס׳איז שבת. נאָך עכאָט — אין געזאַנג פון זמירות —
די לויב פאַר רו — נאָך זאָרג פון גרויער וואָך;
עס ליכטיקט די קדושה פון יצירה
וואָס קיינער ווייסט נאָך ניט איר טיפן תוך.
און מיט דעם ליכט און גלאַנץ האָט די קדושה
געפליגלט איבער יעדער אידיש הויז,
קאָלירטע פענצטער און פרוכת־פליושן —
אין שול, אין בית־המדרש און אין קלויז, —
וואו שטראַלן פון טיפע תפילות, תורה־ווערטער
עס האָבן זיך אין אייביק־ליכט פאַרוועבט,
געוועקט באַם אידן שיינקייטן באַגערטע,
פון וועלכע ר׳האָט זיין יושר־טרוים געשעפּט.
ס׳איז נאָך אַ רייך צי אָרמען טשאָלענט. זאַטע
די טאַטעס רוהען אינם ווייכן בעט,
דער גוטער שלאָף וואָס ווייסט ניט פון מאַגנאַטן —
מיט אַ יתירהדיקן דרימל גלעט.
די מאַמעס לייכט געדרימלט באַ די תחינות —
דערנאָך אויף פריזבעס וועגן זאַך נאָך זאַך
מיט שכנות שמועסן, זאָגן אָפּ מבינות
אויף מענער, ווער ס׳איז קלוג און ווער ס׳איז פלאַך —
און ווענמענס קינדער ס׳וועלן זיין געראָטן,
און וועלכע ס׳וועלן זיין אי גוט אי פרום,
„ווער ס׳לאָזט זיך חס־ושלום פונם שטן —
איז ערגער ווי געשטראָפט זיין מיט אַ מום.“
און אָפּט די קנאה, דאָס לשון הרע —
די שבת פאָרכטיקייט זיי שיער צושטערט,
ביז די וואוילקענענדיקע, קלוגע דבורה
מאַכט שלום (צו איר מ׳האָט זיך צוגעהירט).

ס׳איז לאַנג שוין נאָכן טשאָלענט. צו די זומער שליאַכן —
דורך געסלעך דרימלנדיק אין שבת־רו —
די יוגנט שטיל, נאָר מיט מחשבות וואַכע —
שפּאַצירן צום געהיימען ראַנדעוואו;
אַרויס פון שטעטל, באַ די ברייטע פעלדער,
וואו תבואה — ווייטע ים׳ען — רוישט און רייפט.
דאָרט — אין אַ יאָר עס וואָרט שוין לאַנג אַ מעלדער,
האַלט הויך אין האַנט (די מוסקולס אָנגעשטייפט)
דעם שטאַב מיט רויטער פאָן אין ווינט צעפלאַטערט,
ווי אויפגעגיין וואָלט איבערן תבואה ים
אַ רויטער בלוט פלעק וואָרנען די זאַטע:
„די בויט איז וואַך, צעצינדט מרידה־פלאַם!
וועקט אויף אַ פייער אינם ליידערס צעלן,
אין די געוועבן לאַנג פאַרשטיקט באַגער;
מיט גבורה וועט אַריבער אַלע שוועלן,
דאָס רעכט און יושר ווערן זיין געווער!
די ליידן ברענען טיפער ווי דער בליט פון בלומען
און שטאַרקער פונם מיטן־ווינטער פראָסט
און קענען העכער פון די ווינטן ברומען.
אין זייער פלאַם, ווי בליי עס ווערט צעלאָזט,
ווי וואַקס צעגייט אַיעדער שטער און שטערער,
און ווער אין פאַלשן האַרצן צערטעלט אַ באַטרוג —
וועט אויף אַ קורצער ווײַלע מאַכן שווערער —
דאָס פאַלן פון דער אונטעריאָכונגס פלאָג.
ווייל שטאַרקער ווערט — דער אונטערדריקטער ווילן
צו פרייהייט — יעדן ווידערשטאַנד צוברעכט
און וועט דערגרייכן אַלע הויכע צילן
פון יעדן מענטש וואָס גאַרט נאָך יושר, רעכט...

פון צווישן עולם איז דער שלאַנקער מאיר
פּאַמעלעך אויפגעשטאַנען, אַ ווײַלע געקלערט, —
די האָר צעפּאַטלט פון ווינט, ווי אַ זעהער
ער שפּרייט די הענט, דעם ווייטן חלל הערט.
אַ גרויסער רעיון ליכטיקט זיינע אויגן,
זיי צינדן זיך מיט טיפן, קלאָרן פלאַם;
און ווערטער ווי געמאָסטן און געוואויגן
אים קומען, אָנגעגליט מיט שכל, טעם.
„שוין דורות ווי מע לערנט אונז אין חדר
די באחרית הימימדיקע וועלט,
דעם „והאבת לרעך" כסדר —
מיט אַלץ וואָס נביא האָט זיך פאָרגעשטעלט.
דעם נביא האָבן איבערגילעבט די ווערטער,
זיי גליען דממהדיק אין אייביק בוך, —
פון „לייב און לאַם" זיין חלום דער באַגערטער —
מיטן יושר, אמת — וואַלגערט זיך ווי ברוך...
און הערט ווי וועלט טוט קרעכצן פון פאַרכאַפּער
וואָס האָבן גאָט אין זייער שטאַרקן פויסט —
און פאַרן רוב פון פאָלק מע לאָזט אַלץ קנאַפּער,
דאָס מערסטע וואָס ער שאַפט מע רויבט אים אויס.
אָט זעט די סטעפּעס וויקלען זיך אין תבואה, —
פון שווערער מי און תפילות אויפגערוישט,
דער פּריץ וועט דאָס האָבן אויף הלוואות,
און אויף הולטייסקע פריידן אויסגעטוישט.
דעם האָרעפּאַשניקס לעבן ווערט אַלץ ערגער
פון טאָג צו טאָג; געוועגדט אן הונגער לוין,
דער פּריץ, בעלי בתים: — (זיינע ווערגער) —
ווי אויך די שטייער־מאָנער פון דער קרוין...

די ביטערקייט פון ליידן זאָל אונז וועקן
פון אונטער גראָבן שטיוול באַם זשאַנדאַר
און די וואָס פּרעדיקן און טוען שרעקן
מיט גיהנומס, מיט דער יענער־וועלט געפאַר.
אַז ווי די וואַסערן אין תהו ובהו
האָבן איינגעזאַמלט זיך אויף גאָטס באַפעל, —
פון אַלע דורות זאָל דאָס ליידן גרויע
אין דורשט נאָך פרייהייט, זאַמלען, צינדן שנעל;
אַ מבול טאָן אויף אָט דעם סדר־העולם —
פאַרפלייצן ווי דאָס פייער האָט דאָס שלעכטע סדום, —
די גרונטן זיינע — אינם רשעות פוילן —
איז זאָל צעפאַלן אַלץ, צעגיין ווי שוים.
די ליכטיקע גערעכטיקייט, דער אמת,
מיט רעגנבויגן ליכט נאָכדעם טון אַ שלאָג;
וועט נביאס נייע וועלט ניט בלייבן רמז,
ווען ס׳וועט פאַראיבער יענער גרויסער טאָג.
און מיר געדריקטע וועלן זיין די טרעגער
פון נביאס „שווערד אויף אקעראייזן" טרוים;
אין קיינעמס האַרץ ט׳ביט לויערן קיין צעגער,
די אונטערדריקער זיין פאַרשטילט אין תהום".
דער מילדער ווינט ז׳געוואָרן שטילער, שטילער,
די זאַנגען שמונה־עשרהדיק געוויגט
אין גרויסן ציבור — אין אַ מנחה־תפילה
און הוהדיק געזשומט אַ שפּעטע פליג.
און מאירס הערלעך קול האָט ווייט געעכאָט,
אויף גרינגען פליגל פונם וואכן ווינט, —
און ס׳האָט געדוכט מע ענטפערט: אמן, אחד!
געבענטשט זיי חלום פונם מענטשן־קינד.

„אָ, מאיר, ס'איז דיין קול פון סאַמעט גלאַטער,
דיין שאַרפע צונג געניט, מחשבה פלינק,
האָסט ווערטער היימיש, פשוטע צעפלאַטערט,
אין חלל אָפּגעלאָזט זיי פויגל גרינג;
זיי קענען זיך פאַרוואַנדלען אין אַ שטורעם,
צעבלאָזן פייער, שרפהנען אַ וועלט,
ס'איז דונער, בליץ געפאַנגענע אין פורעם —
זיי פּאָלגן, וואַכן אויף ווען דו באַפעלסט.
דיין וואָרט ז'אַ שליסל צו די אוצרות וויזיע,
אויף יענער זייט פון גורל קוקסטו דרייסט,
פאַר אונז פון אייביק אַן געיאָגטע — איז עס
אַ ווייטער חלום און אַ שוואַכע טרייסט.
ס'איז אפשר, קוים דער שאָטן פון בטחון —
אין מענטשנס מאַרך נאָך אַלץ ניט אויפגעטאָגט,
ר'איז ווייט פון קאַמף מיט זיך, נאָך ניט געבראָכן
זיין שנאה־פייל, נאָר שטאַרקער, שנעלער שלאָגט.
און דורי־דורות אַז דער שוואַרצער גורל
איז אונזער לאַנגער, דאָרנדיקער וועג,
ס'הענגט איבער אונז אַ שווערער נעבל מורא —
אין אים זיך טייען טונקלע, גרויע טעג.
ס'איז אונזער לעבן קיינמאָל ניט קיין דרימל,
נאָר פלינדער באַ די וואַכע רויבער־לייט
וואָס נעמען זיך אין שותפות טונקלען הימל
און אָפּט די זון וואָס וואַרימט, ליכטיקט ווייט.
און וועט דיין תורה מאַכן בעסער
דעם גוי? ער האָט זיין ערד, זיין וויין און ברויט,
נאָר שיידט זיך ניט מיט שווערד און מעסער —
און מיר? כאָטש נעם באַהאַלט זיך אינם טויט.“

„דו ביס גערעכט; דאָס וואָרט קען סם פֿאַרזיסן,
אַט ווי פֿון האָניק קען מען מאַכן סם;
נאָר ביי ז'די צייט, ס'דערוואַכט דאָס שטום געוויסן,
ס'איז איצטערט ניט קיין שכל רײדן סתם;
פֿאַרנעמען זיך מיט שאָטנס פֿון די נעכטנס,
מיט וואָס אויף יענער זייט מצבה רוט,
צו חשבונען די שולדיקע, גערעכטע
און מאַכן אונטערשייד פֿון בלוט ביז בלוט.
פֿאַרשווינדן, פֿאַלן זאָל דער פּוילער גדר
וואָס פּאָפּ און יחוס האָבן אויפֿגעשטעלט,
זיי יחוסן דעם סוחר קעגן בעדער
און טיילן צוגעטראַכטע יענע וועלט.
נאָר ביידע לאַכן, דינען צו „מאַמאָנען"
און גלויבן הייסן זיי — דעם אָרימאַן,
ער זאָל פֿאַר גאָט זיך קלאָגן, יושר מאָנען
באַ אים און ניט באַם נגיד צי באַם פּאַן.
צו וואָס דאָס האַרץ זיך קריינקען מיט זכרונות,
ניט לאָזן שטאַרבן דאָס וואָס דאַרף זיין טויט?
ס'איז איצט גענוג פֿאַראַן פֿון וואָס צו שטוינען:
מיליאָנען מענטשן זינקען אין דער נויט.
פֿאַרגעס וואָס עבר סודותט דיר אין אויער,
דו לאָז דעם מאָרגן דיר אַ שטראַל טון ליכט
און ווי פֿון שווערן שלאָף, וואַך אויף פֿון טרויער,
עס מוז די וועלט דאָך ווערן אויפֿגעריכט;
דאָס רעכט און יושר שטייגן פֿון דער נידער
מע וועט ניט זיין צעטיילט אויף גוי און איד,
עס וועלן אַלע מענטשן זיין פֿאַרברידערט,
און אונזער פֿאָלק — פֿון גזרות שוין באַהיט..."

„מיר האָבן נאָך אין מדבר געלערנט יושר,
און לאַנג שוין זיצן באַ דערפאַרונגס פּיס,
איז דאָ נאָך גרעסער פון תורת משה?!
באַפרייט די וועלט פון געצן־חושך מיאוס...
דאָך זע — אַ טאָג פון אונזער לאַנגען גלות —
געננג איז אויף אַ פול געשיכטע־בוך,
די טרערן־כוואַליעס, אַ שטורעם די יללות,
רשימות פון הרוגים ס׳לייב דיר סקרוכט.
שוין דורות אַז מיר זיינען אין אַ שטורעם,
נאָר קיינמאָל ניט אין קאַמף פאַר זיך אַליין,
וואו גרוילן ניט אונזערע ברידער־קברים?
אויף אונזער הייליק־אָרט די זון טוט ניט פאַרגיין!
זיי פיניקט ניט דער אמת, ניט חרטה,
ווי איין איז זייער קאַלטער מענטש־געפיל,
ווי שטיינער אָן אַ שום מחשבה־שאָטן,
אַ טריבער דונער יעדער טונקלער ציל...
וואָס האָבן זיי געלערנט דורך די יאָרן?
באַנעמען נאָך ניט מערער פון אַ קינד,
זינט געצנדינסט ניט בעסערע געוואָרן.
זיי בויען נאָך אויף שולד, שלאָפן נאָך אויף זינד...
ס׳שלאָגט פחד פון די גלעקער אין די קלויסטערס
און זייער וואָרט — אָן אָנגעשפּאַנטע פייל
אפילו אין געבעט צום יוזל רוישט עס
מיט שאַל פון שווערדן, מיט געשריי פון חיל.
זיי לאַכן אויס דעם יושר, ברודער ליבע: —
כלי־זין פונם שוואכן, פון פּראָפעט,
זיי בייגן זיך צום רייכן און צום גיבור,
דער אָרימאַן און שוואַכער איז געשפעט“.

„זיי האָבן אונזער אָרים אידיש אינגל
געקרייציקט — אַ גאָטהייט אָנגעטון,
אים גיך מיט גענצדינסט אַרומגערינגלט
און צו דער וועלט אים פּראָקלאַמירט: גאָטס זון!
דעם אמת וואָס ער האָט באַ אונז געלערנט —
פאַרדרייען זיי מיט פאַלשן נס אויף נס,
אָט ווי די מעשה מיטן מזרח־שטערן —
וואָס גליהיק שיינט אין נוצרים געבורט מעת־לעת.
און קעגן אונז, דעם לעבעדיקן עדות
אויף זייער שקר — האָבן זיי אַ סם
פאַרשפּרייט און שחטען אויסעט גאַנצע עדות —
צום אויסגעטראַכטן, גרויליקן עלילת־דם.
זיי ווילן אונזער אייביק ליכט פאַרלעשן —
און שטויסן אונז פון ליכט אין חושך תהום —
פון ווייטער האָפענונג דעם בליט צעדרעשן —
אַז ס׳זאָל ניט בליהען אונזער נייער טרוים.
וואָס האָבן מיר — חוץ האָפענונגען העלע
אין דורות גאַנג אויף שטיינערדיקן וועג?
נאָר חלום ליכטיקן אין ליידנס זעלע —
און לעבנס־ווילן אונזער גרויס פאַרמעג.
און צווישן זיי — די הונדערטער מיליאָנען —
אָ, וויפל — אויף גאָטס ערד — מיר — זיינען דאָ?
מיר מאַכן זיי ניט ענג, געררוים זיי וואוינען,
דאָך מיאוסע קנאה לאָזט זיי ניט צורו.
דעם נעכטן ווילן זיי אונז ניט פאַרגינען,
דעם נעכטן — ניט פאַרלאָשענעם — וואָס שיינט
פון אייביק גליהיקע רואינען
און שפּרייט נאָך שטראַלן אויפן שווערן היינט.

און דו מיין גוטער, קלוגער חבר, מאיר,
ווילסט ברייגגען זיי אַ שפּאָגל נייעם גאָט —
וואָס פּרעטענדירט ניט זיין בעל־נס צי זעהער,
נאָר פאַר דער מענטשהייט אַ נייע רעטונג האָט.
ווערט מענטש באַפרייען זיך פון גייץ און גאווה
וואָס פירט צום ווּעג פון שווינדל און גענאַר?
ווען פרעכער אומרעכט — שפּרייט זיך ווי אַ לאַווע, —
מאַכט איינעם איבער טויזנטער — דער האַר.
און ווערט דער גוי פאַרלאָזן זיין ירושה,
זיין אייגנס, פּראָסטן דורותדיקן וועג?
און ווערן לעבן אַזוי שווער און פּשוט
ווי ס'לעבט אין שטאָט דער איד — פון האַק און זעג?
און ווייסט ניט: ווער מאָרגן זיין חיונה —
אויף טרוקן ברויט, צי אויך אויף דינער זופּ;
צען מידע פינגער זיינען ניט קיין ברונעם,
ניט מאַמע ערד וואָס שפּעדיק צאָלט אָפּ.
און ווערט דער נגיד שיידן זיך מיט גבירות?
און דער פאַרשקלאַפער מיטן שקלאַפנס שווייס —
דעם שטראָם פון גאָלד און חכמה און פון חקירות,
דעם שטראָם וואָס קויפט אים דעה, מאַכט אים דרייסט.
ווערט פריץ שיידן זיך מיט פעלדער וועלדער
די גרויסע דערפער, רייכע שטעט?
פאַרבאָרגן גאָלד און זילבער אויף דער עלטער,
אין קאָזנאַטשיי, אין אייגענעם סעקרעט?
דאָס גאָלד און זילבער וואָס פליסן אים ווי וואַסער
פון אַרבעטס טעג מיט שיבושדיקן שכר —
פון גוים, אידן, און ס'היט אים אָפּ זיין קאַסע —
דער גרויסער, דער אַלמעכטיקער צאַר.

און וויפל דאַרפן מיר — זיי — געבן געטער?
שוין צוויי: דעם נוצרי, מאַרקסן זיי געבראַכט,
קיין איינער ז'ניט געוואָרן אונזער רעטער,
דעם גיפט און סם — צו אונז — ניט אָפּגעשוואַכט;
געוואָרן זיינען זיי ווי מהר"ל'ס גולם —
און הויבן גאָר אויף אונז די בלאַנקע האַק,
אין נאָמען פונם שקר מיטן צלם,
דער תורה: „שטעל אונטער די צווייטע באַק"
פאַרגיסן אידיש בלוט אויף אַלע וועגן,
אויף אַלע פעלדער פון דער שטומער ערד
וואָס זאַפּט אַריין דאָס בלוט ווי זומער רעגן
און פעטער, זאַפטיקער איר שפע ווערט.
געדיינק, געדיינק די וויסטע אינקוויזיציע,
די שייטערס מיטן מענטשלעכן געהייץ —
צום פרומען מאַלאָך דעם קאַטוילִיציזם —
וואָס האָט צום אידנס טויט־אַגאָני־פלייץ —
אַ רוהיקער געקוקט; צום אידן־פייער
צעלויכטן אויפן צלם, קלויסטער ווענט.
און דו, מיין חבר, ווילסט זיין אַ באַפרייער
פון די פון וועמען פרייהייט ווערט געשענדט.
ווי קענען זיי די פרייהייט נאָך באַגרייפן,
אַז זינד און רשעות שלאָגט זיי אין די קעפּ!
די שווערד, דאָס לאַנגע מעסער אָפן שלייפן,
אין טראַט — דער רויש פון אינקוויזיציע סקלעפּ.
איוואַן האָט ליב זיין פּריץ און זיין קיסער,
דעם קלויסטער און וואָס עס פּרעפּלט אים זיין פּאָפּ;
פון פרייהייט, פון אַ נייער וועלט וואָס ווייסט ער?
אים גיט אוקראַינע אַלץ — אַ פולן טאָפּ..."

„מיין חבר, וואָס דו דערמאָנסט — אין מיטלאַלטער,
ווען אַלץ געווען איז אינם קלויסטערס קלעם:
גלחים האָבן דאָגמעס ווי האָר געשפּאָלטן
און אידן געגיין אויף קידוש השם;
פאַרשלונגען אינם חושך פון רעליגיע
מיט וויטע שאָטנס וואָס פאַרטרייבן ליכט,
אין פעלקער האָס פון בלוטיקע אינטריגעס,
די וועלט ז'נאָך ווי אין נעבל שיכט אויף שיכט.
נאָר הערסטו ניט דעם מורמל פון מרידה
און אירע טריט זיך שאָרכן פון דער וויט?
מיט יושר, אמת, פרייהייט אויך דעם אידן —
ז'געבוירן — קומען דורך טויערן פון צייט;
זי סודותט זיך שוין ווי דער ווינט מיט בלומען,
איר פרייד פאַרשפּרייטן אינם פעלד פון צער,
טיראַנס באַפעל, און הערשערס וואָרט פאַרשטומען,
ניט זיין מער קיין באַהערשטער און קיין האַר.
איך פיל דיין האַרץ אין קימער, אַ באַשווערטע
פון אונזער פאָלקס ליידן אין יעדן דור —
פאַרשריבענע מיט בלוט און פייער ווערטער —
אויף די געשיכטע בלעטער פון יעדער יאָר.
ס'איז ניט רעליגיע — זיין אַן אמת־וועקער,
און ניט קיין גאָט, א מענטש ז'דער „קאָרל מאַרקס"
פון אונזער שטאָם; פאַרטרייבן וויל דעם שקר,
דעם רייכן, זויגער פונם קבצנס קאָרק.
מיר זיינען שוואַך — אין קאַמף מיט מזל'ס שטורעם
צו זיין אַליין — אַ שעפּס צעווישן וועלף
און וואַרטן אויף אַ נס ווי פורים —
אין מיר, אין דיר — דעם אידנס קיום — העלף".

„זאָגסט מיטלאַלטער — נו, און היינט, מיין חבר ?!
דו טראַכסט זיך נאָר אַריין אין וואָרט — פּאָגראָם —
צי איז עס ניט דער „טאָרקוועמאַדאָ״ אויר —
אַ פרייגעלאָזטער מיט רציחה־שטראָם ?!
אַ פּינטל איז שוין „מעשה־נעמיראָוו״
און ביאַליקס גרויס געוויין „די שחיטה־שטאָט״
דער גרויליקער פּאָגראָם אין „קישענאָוו״ —
דאָס אַלץ איז שוין פאַרעלטערטער מעטאָד.
און אויף די לאַנגע בלעטער פון געשיכטע
די שורות, בלוטיקערע, ווערן מער,
די טרויעריקע ציפערן געדיכטער
דאָס לעבן אַלץ סכנהדיקער, שווער.
דו — ווילסט אַנטלויפן פון דיין אומה׳ס גורל,
האָסט מורא פאַרן גלות, נע ונד,
ווי שמעון — באַ די רוימער — מיט קריסטוס תורה,
דו ווילסט באַם רודפער געווינען גנאָד.
אַ פחדן לאָזט קיין טרייסט, קיין שם, נאָר שאַנדע —
זיין דור נאָך זיך — „אַ פלאַוויוס״ מאָנומענט
ווי אַ בזיון פלאַם מיט חרפה בראַנדן,
אַ מיאוסער קין צייכן איינגעברענט.
בר כוכבא, רב עקיבא — אָט די נעמען —
מחיה־מתים זיינען אונזער טרוים,
און אייביק מאָנען, טרייסטן ווען אונז קלעמען
דער גזר און תחום וואָס שרימפּן אונזער רוים;
די לאַנגע צייט פון שטרייטן און פון שטורעם
פאַרווישט שוין — געלאָזן פלאַך און גלאַט —
דאָס אָרט פון די גיבורים קברים,
נאָר זייער נאָמען אייביקט אויף געשיכטעס בלאַט.

צוויי טויזנט יאָר שוין דויערט די מלחמה, —
פון זינט זיי האָבן ס׳אבות לאנד צעשטערט —
זיי ווילן אויך אונז טויטן די נשמה,
דעם ווילן — שטאַרקער פון צעפּאָכעטער שווערד.
מיר זייַנען דורכגעגאַנגען מדבריות, תהום׳ען,
מיט בעטן, וויינען — אונזערע געווער —
ס׳רוישט אידנס טרער און בלוט אין אַלע שטראָמען
וואָס אָדערן אַדורך אייראָפּעס ערד.
לייג אויף איין וואָגשאָל אָט דאָס בלוט און טרערן
און אויף דער צווייטער וואָגשאָל לייג די וועלט, —
ס׳וועט אונזער שאָל די וועלט אַריבערשווערן,
ד י ו ו ע ל ט — מיט זייער יושר איינגעשטעלט.
די צייט — קען ניט זיין מיין לערער פון פאַרגעסן,
מיין האַרץ אַקעגן זיך קיין מוריד זיין,
דער חוב צו פאָלק ווערט גויטיקער און גרעסער,
געוויין, שתדלנות ווערט ווי שניי צעגיין.
די וועלט איז שטום און טויב שוין צו געבעטן,
פאַרהאַסן דעם וואָס ליגט אונטערן פוס,
אַ צייט פאַרטרייב און לוסט: דעם שוואַכנס טרערן —
און וויינען, קלאָגן נאָר: „דעם פחדנס שטות.“
און ווען מיר ווישן זיך דאָס בלוט און טרערן —
זיי — אין די וואָנצן שמייכלען פלאַך און גראָב
און אומפאַרשעמטע פאַר די טאַטן — קלערן:
וויפל וועט ברייגגען זיי דאָס אידיש האָב.
זיי ווערן ניט באַגייסטערט, דורכגעציטערט
פון אמתן און פון פּראָפּעטיש וואָרט,
נאָר שטאָל און זילבער, פונם גאָלד דער גליטער
און מאַכט — מיט גאָט באַ זיי געפּאָרט״.

אין שטעטל גייט מען אום אין זאָרג, פאַרצאָרנט,
אויף צרות, אין אַ ליאַדן טאָג זיך ריכט,
דער זקן שכל און ס׳געפּיל זיי וואָרנט:
דער חושך טייעט זיך אין קלאָרן ליכט.
זעקס בייזע סטראַזשניקעס מיט רעוואָלווערן
און ביקסן, מיט קנוטן, אויפן ענד אַ בליי,
אויף יעדער אַן עלעקטרישן לאַמטערן
געבראַכט: זיך ליכטיקן באַנאַכט — אין שפּיאָנעריי.
זיי זיינען פּלוצים ווי אַ שטורעם דונער
אַריינגעריטן אויפן מיטן מאַרק;
דער עלצטער מיט אַ האַלדז ווי באַ אַ גונער,
זיין העלפער מיט אַן אָקס געפּאַלבטן קאַרק.
פאַרדאַכט זיי פלעמלט אין די בייזע אויגן,
און אָנגעשפּיצט דאָס וואַכיקע געהער,
זיי ביאָנטשן (דאָס געמאָסטן און געוואויגן)
מיט גיריקייט דאָס גלאַנציק, שטום געווער.
און אַלע טאָג זיי איבן זיך אין שיסן, —
און פּוצן דאָס געווער ביז פראָסט־גלאַנץ סקרוכט,
פאַרקוקן אין דער ביקס־רער, ווי ס׳געוויסן
באַהאַלטן, צי רציחה דאָרט געזוכט.
די אינגלעך — שטילע מיט אַ טיפער קנאה
באַוואונדערן דעם גלאַנץ פון רעוואָלווער,
די ביקס און שווערד איז זיי אַריין אין זינען, —
פון העלצער, בלעכן נאָכגעמאַכט געווער.
די עלטערן געדוכט זיך: פון סטעפּ וואָראָנעס
אַראָפּגענידערט, עפּעס שוין דערשמעקט,
געדולדיק וואַרטן אויף קרבנות —
און שפּרייטן שוואַרצע שאָטנס פול מיט שרעק.

די זאַנגען שפּעדיק, מיט קערנער פולע —
זיך וויגן תּפילהדיק אין הייסן ווינט
וואָס איז אויף פעלדער פריצישע צעהוליעט,
איבערן תּבואה־ים שווין אָפּגעגרינט.
„די זאַנגען פרעגן: „וואו זאַמען זיך די שניטער,
די שאַרפע סערפּ וואָס שעפּטשעט צו דער ערד
און ווייטע רייען סנאָפּעס מיט זונגאָלד גליטער
צעשטעלן אין אַ דרימל שטיל, פאַרקלערט;
ניט וואַרטן ביז דער האַרבסטיקער געוויטער
זאָל שלאָגן צו דער ערד די פולע זאַנג —
געדראָשענע פון רעגנס לאַנגע ריטער,
אין קאַלטער האַרבסט־ערד פוילן לאַנג,
נאָר אַז עס זאָל פון אַלע טישן שיינען,
דערוועקן מוט, פאַרטרייבן הונגער, נויט,
די שפּעדיקע ברכה פון אוקראַינע,
די קליינע קערענדלעך, איר קעניג ברויט“.
נאָר אַלע ווייטע שליאַכן בלייבן שטומע,
פאַראייַנזאַמט ציהען זיך צו פריציש פעלד,
און שווייגנדיק זיך קלאָגן: „ס׳טוט קיינער קומען,
מיר זיינען גרודיק, פון רעדער ניט צומעלט“;
די שטילקייט ווייַנט און ס׳שטאַרבט דער זומער חלום,
וואָס האָט געצונדן בוים און פעלד מיט בליט,
די זאַנגען הויך און רייף מיט קערנער פולע,
וואָס פאַלן אויס אין ווינט, פאַרשעמט ז׳די מי.
דאָס גאַנצע וואונדער פונם פעלד ז׳אין אומער,
פאַרביינקט נאָך מענטשנס קול, געניטער האַנט,
אויף ווינטער זאַמלען שפע פונם זומער,
וואָס ס׳גיט די ערד — דעם מענטש אין מי געשפּאַנט.

**נאָר** ס׳זיינען אַלע גוים איינגעעקשנט,
צעיוכעט איז אין זיי דאָס גיריק בלוט,
(ווי שווערע וואָלקנס שוואַנגערע מיט שלאַקסן
פון נאָכגערעדטע בונט־רייד — אין מוט
געגליט — דאָ פון אַ פּרעדיקער פאַר יושר,
דאָ פון אַ מיאוסן העצער צו פּאָגראָם.
און ס׳יורעט אין „איוואַנען״ (אָן א סותר)
אויף פּריץ, אידן — זיין רציחה טאָן אַ שטראָם.
(מרידה דונער האָט דערוועקט אַ שטורעם
פון בלינדן כוח, רוי און ניט געצוימט,
ס׳האָט קיינער ניט פאַראויסגעזען זיין פורעם,
צעברויזט ווי כוואַליעס און מיט האַס פאַרשוימט).
זיי טומלען, פרעגן: „ווי קומט עס צו די „פּאַנעס״
אַזויפיל לאַנד מיט רייכע דערפער, שטעט,
צו פאָרן אין די ברענענדיקסטע שפּאַנען
און באָדן זיך אין וואוילטאָק און אין זעט?״
ביז ס׳האָבן איינמאָל — פויערשע געמיטער
אין נאַכטיק, גרויסע שרפות אויפגעפלאַמט,
מיט רויך און פייער פונם פּריצס גיטער, —
די לופט מיט אָקסן פלייש און ווייץ פאַרטעמט.
און ווי אין גרויסן חלל די דממה
צווישן ערד און הימל — וואָלט געברענט —
ס׳האָט זיך געדאַכט — פון אַלע זייטן קומען
די שרפות — שפּאַרן זיך אַרויס דורך ווענט.
און פון די פלאַקערדיקע, הויכע פלאַמען,
די וואָלקנס רויך מחשבהדיק, פאַרטיפט
געקרייזלט און פאַרשוואונדן ווי אויף ים׳ען,
צי אין די ווינטן אַ געהיימע שריפט.

עס האָבן טונקל־הויטיקע טשערקעסן
אין שטעטל זיך באַוויזן מיט אַמאָל,
ווי פויגל־גרינג אויף הייסע פערד געזעסן
און אין די זאָטלען פריי ווי אין אַ שטול.
געקליידט אין וואָל־געשלאָגענע טשעקמענעס,
פאַפּאַכעס פוטערנע ווי לאָקשנטעפּ,
די שוואַרצע אויגן — פלאַמיק, טיפע ברענערס
מיט לויער־גלי און וואַכיקייט פון סטעפּ.
אויף קווער די פלייצעס — ביקסן מיט די שטעכערס,
ווי צוגעוואַקסן, תמיד איינגעהערט
צום רייטער; פון די היפטן האָבן פרעכע
געוויגט זיך — באַ יעדן אַ קורצע שווערד.
צוויי רייען טונקלע קוילן ווי ציגאַרן —
באַ יעדן אויף די ברוסטן פון טשעקמען
און פון געפּאַנגשאַפט ווי זיי וואָלטן גאַרן
אַ פלי טון פויגל־גרינג מיט מות־ברען.
דאָס האָט „באַסקאַקאָוו" אונזער בייזער שררה
פון שטעט און דערפער, (אויך אַ גענעראַל)
באַם צאַר אַ חשוב, (עס איז אַ סברה)
געבעטן אָט די מענטשן פון קינדזשאַל.
באַ זיי: אַ זונענשטראַל ז׳דער בלאַנק פון מעסער
און ליבער פון דער ווייב — דאָס הייסע פערד,
דער זיג אין בלוט איז עולם־הבא כתר,
וואָס אין גן־עדן ווערט מען באַלד באַערט.
זיי קניהען לאַנג ווען גאָט זיי לויבן,
א־ל־ל־א־קען, גאָרגלען לאַנג דעם כ־כ־כ־א,
אַ מענטשן פון אַ פרעמדן פאָלק — באַרויבן
און טויטן איז ניט קיין זינד באַ גאָט אַללאַ.

סוף זומער. אין אַ הייסן, שטילן פרייטאָק
פון הויך די זון אַ פייערדיקע גליט
אויף סעדער און אויף גערטנער אויסגעצייטיקט, —
השגחהדיק פון שטורעמס אויסגעהיט.
אַן אורח מיט נדבות, מיט ברויט אין טאָרבע
און מיט מידע, וואַכיקע זעקס טעג —
איז צום בית־מדרש שוין געקומען איינגעהאָרבעט —
דאָרט דאַנקן גאָט און רוהען פונם וועג.
פון יעדער אידיש הויז פאַרשמעקט שוין טשאָלענט,
די גרייטקייט פאַרן שבת — באַ דער שוועל,
דער דרויסן ווערט אַלץ קלאָרער און פאַרחלומט
אין הייליקייט וואָס שפרייט זיך שטיל און העל.
נאָר פלוצים — סטראַזשניקעס ווי די קאָרשונעס —
וואָס פאַלן שנעל אַראָפּ אויף זייער רויב —
געפאַנגען האָבן מאירן, אַריינגענומען
צווישן זיך ווי אין דער נעץ אַ טויב.
אַ בראַווער קעמפט ער מיט די רוצחים, זיינע פאַנגער,
וועקט זיינע כוחות — העלדיש לאַנג זיך ווערט,
מיט שטריק אַרומגעוויקלט ווי מיט שלאַנגען,
בלייבט מאיר ליגן אויף דער שטומער ערד.
אין שטויב די לאַנגע, שוואַרצע האָר צעפלאָסן,
פון ווייטאָק, קאָמף די אויגן מיד, פאַרגלאָזט,
שטיל טריפט זיין בלוט, פון שוויס ער ווערט באַגאָסן
און זכריהש — סיי פון גאָט און לייט פאַרלאָזט —
אַ קרבן פאַרן יושר בלייבט ער ליגן,
זיין בליק צום שטומען הימל אָנגעווענדט
און אין דער טויבער ערד אַריינגעשריגן,
נאָר ס׳קול אָן עכאָ און פאַרשעמט.

פון חזנס מויל פאַרגליווערן די ווערטער,
דער שבת־גלאַנץ פאַרלאָשן מיטאַמאָל,
די דאַוונער ווי פארשטיינערט אויף די ערטער:
עס זיינען סטראַזשניקעס אַריין אין שול.
געצונדענע מיט היילִיקייט און טרויער —
אַ ים מיט אויגן שטעלן אָן איין בליק —
מיט פיבער פון דערשרעק, צו גראָבקייט גרויער
פון די שלוחים אַזש פון צאַר געשיקט...
דער רב אַ נכנהדיקער, בלאַס פון פחד —
צו זיי גייט צו מיט דראָבנע, שוואַכע טריט,
(ער האָפט ס׳זאָל אויסגיין צו אַ שווערן שוחד),
(אין האַרצן בעט ער: „גאָט! פון גזר באַהיט)"
„דער פריסטאַוו וויל אייך זען, פּאַניע ראַבין"
די וואָצעלעך פאַרשפיצט מיט חוצפה, שפּאָט —
אַ פרעכער סטראַזשניק זאָגט „און אויך פּאַן אַבאַ׳ן —
אָט, נאָכדעם ווי איר מאָליט אָפּ צו גאָט."
עס ציטערט אַלץ שוין אינם שאָטנס אומעט,
און ס׳רוקן זיך די וואָכעדיקע טעג,
די שבת־שקיעה צאַנקט אויס פריער ווי תמיד,
אין נאַכט דאָס שטעטל זינקט פון אָוונט ברעג.
און זונטאק — דער רב מיט בעלי־בתים
פאַרזאָרגטע גייען אום פון הויז צו הויז
און זאַמלען געלט — דעם פריסטאַוו צו באַשטאַטן —
דאָס שטעטל פון אומגליק זאָל אַרויס.
און אַלע געבן ווי אויף פדיון שבויים —
(אפילו וואָס מען האָט פון מויל געשפּאָרט),
געצאָלט פאַר ניט באַגאַנגענע חטאים,
בלויז טיף געזיפצט און קוים גערעדט אַ וואָרט.

⁂

אָ, חבר, כ׳ווייס און פיל די ליידן דיינע —
אין ווייטן, קאַלטן מדבר — אין סיביר,
דיין האַרץ אין צוואַנג פון בייבקשאַפט נאָך אוקראַינע, —
אָן פרייהייט, צאַפּלסט הינטער שווערער טיר,
ווי ס׳צאַפּלט זיך אַ פויגעלע אין שטייגל.
אין איינזאַם — שטאַרקער ברענט די דורשט נאָך היים;
דער ווייסער שניי־פּלאַם שיכורט און דאָס שווייגן
פאַרטראָגט — דורך טרוים־מרחקים — צום געהיים.
יאָ, מאיר, ביסט פאַרשפאַרט אין ווייטער תפיסה!
נאָר שטיל ווי טוי עס פרישט דיין וואָרט און טאַט,
דיין אָנדיינק ט׳וועקן הערלעכן געוויסן,
ווי נעבל שטייגט, ווי וואַסער זינקט פאַראַט.
דיין מאַקאַבייער גייסט אַ קאַמפסרוף ווערן,
אָן אויסקוק טורעם און אַ פרייהייטס פאָן;
ס׳איז דיין ירושה: שווערער לעבן, טרערן: —
דו ביסט פון דעם מאַרטירער פאָלק אַ זון;
געשליידערט אין די שטראָמען פון געשיכטע,
דורך שווערדן, פייערס טראָגט די יושר לאַסט,
מיט אייפער קעמפט דאָס אומרעכט צו פאַרניכטן
און איז פון אַלע פעלקער אויף דער וועלט — פאַרהאַסט.
נאָר שיין פון אמת וועט דאָס שלעכטס פאַריאָגן,
ווי וואַסערן וואָס רייסן אויף דעם צוים,
דאָס אומרעכט, וואָלקנס טעותן פאַרטראָגן —
(אויף די וואָס שוואַנגערן פחדנות) אין תהום.
די צייט און שטח קענען ניט צושטערן
דעם פלאַטערדיקן טרוים און שיינעם גייסט,
אויב ווייניק האָט דאָס לעבן צו באַשערן,
איז וואויל — אַרויס פון מזלס ענגן קרייז...

און מיין ניט, מאיר, אַז געבלאָנדזשעט בלינדע
מיר האָבן אין דעם בלויען יוגנט טאָל,
אַקעגן זיידעס און דער מאַכט — מיר זינדערס,
צעשטערער פונם „הייליקן אַמאָל“.
מיר האָבן שוין געלעבט פיל לעבנס וואָס וועלן
זיך ניט לעשן, זיין דער פאַקל־מוט —
און שמייכלען ווי דער טאָג באַ אַלע שוועלן,
פאַרטרייבן פינצטערניש ווי ס'פייער טוט.
און אונזערע טאַטן שטייגן ווי ספּיראַלן,
אויף אייביק שיינען אין אַ זייל פון ליכט
און אויפן גאַנצן טאָל פון ליידן פאַלן
און די פאַרפאָלגער שלאָגן אומגעריכט.
יאָ, אומרעכט אויף דער וועלט איז אונזער וויטאָק,
דאָס רשעות — אומרעכטס שרעקלעכסטע געוווער,
נאָר ניט אַקעגן יושר אייביק ווערטיק,
אַקעגן לעבנס ווילן און באַגער.
דאָס מזל וועט אָן דיר זיך גיך דערמאָנען,
וועסט זען דאָס ליכט פון לעבעדיקן טאָג
און שמייכלען צו דער זון אין וואַלד פון פאָנען,
ווי כוואַליעס אויפן ים פון ווינט געיאָגט...
וועסט קומען פון סיביר דאָרט באַ דער „לענאַ“
שויך, אפשר, אין אַ גרויס באַפרייטן לאַנד
און אַלע, אַלע וועלן דיך דערקענען,
מיט פרייד־הכנה דריקן דיר די האַנט.
דיין וועג וועט ליכטיקן מיט גרויסן יובעל,
פון ברידערלעך געזאַנג וועסט ווערן וואַך,
געשטאַרקט, מיט מוט וועסט הויבן זיגערס קופּעל,
דיין פרייד סובטיל זיין ווי מוזיק, ווי שפּראַך...

און איך? — אין נייעם לאַנד, וואוהין מיין טאַטע
האָט ווי אויף אָדלער פליגל מיך געבראַכט,
כדי מיך ראַטעווען פון שלאָס און גראַטעס,
פון קאָזאַקן מיט ביקסן זיין באַוואַכט.
איך — קען זיך דאָ נאָך אַלץ ניט איבערפלאַנצן,
צעשמעטערט ווי אַן אַ פּראָמעטעאוס פעלדז,
מיין קאַמף איז דאָ געוואָרן שטיל אינגאַנצן,
ווי ווינט צעווישן בערג מיט שניי געפּעלצט.
עס דריקט אויף מיר דער רעש פון מעכטיק לעבן,
דאָס פייער פון דער היגער שפּראַך פאַרברענט
אין מיר די איידעלע חלום, טרוים געוועבן —
פאַר אונזער אייגן פאָלק וואָס ווערט פאַרלענדט.
כ׳בין אויף אַ טיפן וואַסער קוים אַ בלעזל
וואָס הויבט זיך אויף — אַ רגע —און פאַרשווינדט,
פון אונטער שטיין אַ שוואַכע גרעזל —
די זוים געבראַכט אין פאַלע פונם ווינט;
און אָפּטמאָל כאַפּט זיך אויפעט מיין מחשבה
וואָס קריגט איר קול און וויינט אין מיר און קלאָגט,
באַגערן אַן אַ נאָמען מיט אַן אש־להבה
פאַרבאָרגן טיף אין האַרצן — ווידער שלאָגט;
נאָר אין אַ שווערן וואָלקן־טלית —
דאָס מזל — דער פאַרעטער — שטייט ניט ווייט
און לאַנגע שאָטנס וואַרפט ער אָן אויף אַלעס,
פון יעדער זאַך פאַרשאָטנט דעם באַדייט.
און אַלע מיינע טרוימען און באַגערן
וואָס כ׳האָב מיט יוגנט פייער אָנגעפלאַמט,
פאַרגייען ווי גאַנץ פרי די שטערן,
פאַרשווינדן ווי די כוואַליעס אויפן ים.